שניאור וואַסערמאַן

# צום מענטש

## לידער און פּאָעמעס

אַרויסגעגעבן דורך אַ
געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט, פּאַטראָניזירט פון קולטור-געזעלשאַפט
„רינגעלבלום" און פאַרבאַנד פון כעלם-רייוועץ און אומגעגנט
בוענאָס-איירעס, 1962

# אַ וואָרט „צום מענטש"

פון אַלע מינים קונסט איז די פּאָעזיע די סאַמע נאָענטסטע צו דער נאַטור. דער ריטם פון דער פּאָעזיע, דער אויסקלאַנג אירער, דער אימאַזש, די מוזיק, וואָס זי פאַרמאָגט — דאָס אַלץ איז פאַראַן אין דער נאַטור. אַ פּאָעט, וואָס האָט נישט קיין אויער און קיין חוש פאַר דער נאַטור, איז קיין פּאָעט נישט. און דאַקעגן: וואָס מער אַ פּאָעט זעט און פילט די נאַטור; וואָס טיפער זי לעבט אין זיין געמיט און אין זיין וויזיע, אַלץ עכטער איז זיין שאַפונג.

אַז איר לייענט פּאָעזיע זעט איר אָפט פאַרשיידענע בילדער, וואָס אַנט־פּלעקן זיך פאַר אייערע אויגן, און פונקט אַזוי הערט איר אויך אַלערליי קלאַנ־גען און טענער, וואָס בילדן דעם הינטערגרונט פון דער פּאָעטישער סכעמע.

נישט תמיד איז די מוזיק די זעלבע. אַמאָל דוכט זיך אייך, אַז איר הערט דעם גערויש פון אַ לייכט גלעטנדיק ווינטל, וואָס באַרירט קוים די צווייגן און בלעטער, און אַ מאָל — אַ שטורעם, וואָס טראָגט זיך מיט אימפּעט און רייסט דיביימער ביז די וואָרצלען. אַ מאָל האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר הערט אַ שטיל מורמלען פון כוואַליעס, וואָס שעפּטשען אַריין אַ סוד אין אויער, און אַן אַנדער מאָל, ווידער, צעבייזערט זיך דער ים און די כוואַליעס שלאָגן מיט כעס און רציחה. איר קענט אויך הערן פיל אַנדערע קלאַנגען און טענער פון אַלערליי מינים און אָפט מאָל — אַפילו גאַנצע מוזיקאַלישע סימפאָניעס. עס ווענדט זיך אינעם דיכטער; אין זיין אייגענער מוזיק, אין זיין סטיל און אין דעם ריטם פון זיין שרייבן.

פאַראַן דיכטער וואָס שאַפן דעם איינדרוק, ווען איר לייענט זייערע לידער, ווי זיי וואָלטן געקלעטערט מיט אַ שווערער משא איבער גרודעס און אַ מאָל אַפילו — איבער הויכע שטייניקע בערג. אַנדערע, ווידער, זעען אויס לייכט, באַ־וועגלעך. זייער גאַנג איז אַ גלייכער, אַ גראַדליניקער, אָן שטרויכלונגען. פאַראַן דיכטער וואָס רעדן און דיכטער וואָס זינגען. יעדעס וואָרט זייערס, יעדע שורה איז לויטער געזאַנג, לויטער מוזיק.

ווען איך טראַכט וועגן שניאור וואַסערמאַן, האָבן איך שטענדיק דאָס געפיל, אַז ער געהער צו דער קאַטעגאָריע דיכטער ביי וועמען עס זינגט זיך אַליין. איך ווייס נישט צי ער קען מוזיק, אָדער נישט. אָבער מיר איז קלאָר, אַז ער פאַר־מאָגט די מוזיק אין זיך און די מוזיק פירט אים און דיקטירט אַלע זיינע שאַפונ־גען. געוויינלעך ווערט פריער געשאַפן דאָס ליד און דערנאָך די מוזיק. ביי וואַ־

סערמאַנען איז פאַרקערט: פריִער קומט די מוזיק און אינעם פּראָצעס פון איר אויסקלאַנג פילט ער זי אָן מיטן אינהאַלט פונעם וואָרט. דערפאַר קענט איר וואַסערמאַנס לידער זינגען, אַפילו ווען קיין באַשטימטע מעלאָדיעס זענען צו זיי נישט פאַראַן. זיי זינגען זיך אַליין, ווי עס זינגט די נאַטור; ווי עס זינגט דאָס האַרץ ווען ס'ווערט איבערגעלאָדן מיט פרייד; ווי עס זינגט דער ווינט באַגלייט פון די זאַנגען אין פעלד, אָדער דער ים אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

„כ'קום מיט אומרו פון מיין וויגל,
פון מיין מאַמעס האַרטן שויס,
ווי דער פויגל קומט מיט פליגל
פון זיין ענגער נעסט אַרויס.

כ'טראָג דעם אומרו אין די בליקן;
כ'פיל אים אין מיין גאַנץ געביין.
אָן אים — וואָלטסט פאַרברענט די בריקן
צו דעם מענטש — צו זיך אַליין."

אַז איר לייענט די שורות הערט איר די מוזיק וואָס באַגלייט זיי. פאַראַן דאָ אַ מוזיקאַלישער הינטערגרונט אויף וואָס דאָס ליד בויט זיך און פאַרוואַנדלט זיך אין עכטער פּאָעזיע.

אַזעלכע שורות זענען פאַראַן אַ סך אין וואַסערמאַנס לידער. זיי זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין דיכטונג, וואָס קוואַלט אַרויס פון זיין געמיט און טראָגט אויך אים אַליין אַוועק אין אַ וועלט פון קלאַנגען און טענער, וואָס באַהערשן אים און רעגן אים אָן צו שאַפן זיין ליד.

**

וואַסערמאַנס טעמאַטיק איז אַ פאַרשיידנאַרטיקע, סיי אין זיינע פריִערדיקע פיר ביכער און סיי אין דאָזיקן בוך זעט מען אַז זיין אויג איז נישט צוגעשמידט בלויז צו איין פונקט. ער זעט די נאַטור און ער זעט די סביבה; ער זעט די שטאָט, דעם דאָרף, דאָס פעלד; ער זעט די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און די סאָציאַלע; ער זעט דעם ייִד, דעם יחיד און דעם ייִדישן כלל; ער זעט אויך אַנדערע פעלקער און לענדער און די וועלט אין אַלגעמיין. וואַסערמאַן האָט אַן אויג און אַן אויער פאַרן ליידנדיקן, פאַרן באַוואולהטן, פאַרן קעמפנדיקן. נישט בלויז וואָס ער זעט דאָס אַלץ און הערט, נאָר ער רעאַגירט דערויף מיטן כוח פון זיין דיכטעריש וואָרט. דאָך איז פאַראַן ע פּ ע ס, וואָס איז באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פאַר וואַסערמאַנען. פאַראַן אין זיינע לידער אַ שטריך, וואָס גייט דורך ווי אַ לייט־מאָטיוו דורך אַלע זיינע שאַפונגען. ד אָ ס א י ז ז י י ן פ אַ ר ע ר ו נ ג פ אַ ר ז י י ן מ אַ י ע ס ט ע ט ד ע ם מ ע נ ט ש.

וואַסערמאַן האָט דרך־ארץ פאַרן מענטש. און נאָך מער ווי דרך־ארץ איז די ליבשאַפט וואָס ער פאַרמאָגט פאַר אים.

נישט צופעליק האָט וואַסערמאַן אַ נאָמען געגעבן דאָס דאָזיקן בוך „צום מענטש". דאָס איז דער סאַמע ריכטיקסטער נאָמען פאַר זיין לידער־זאַמלונג, מחמת ער דריקט אויס דעם מהות פון וואַסערמאַנס שאַפונגס־גייסט.

„ביז די לעצטע שטראַל פון שקיעה
וועט נאָך אין מיין בליק זיך טליען,
וועט נאָך אין מיין אויג זיך טוקן —
וועל איך צו דעם מענטשן קוקן;
וועל איך גלויבן אין דעם אויבן
וואָס ליגט טיף אין מענטש פאַרבאָרגן..."

דאָס איז אַ טייל פונעם מאָטאָ צום דאָזיקן בוך. און, אַז מע וויל קען דאָס באַטראַכט ווערן ווי אַ מאָטאָ צו וואַסערמאַן דעם דיכטער און וואַסערמאַן דעם מענטש בכלל.

אויב אין איין טראָפּן בלויז קען זיך אָפּשפּיגלען אַ גאַנצער ים, שפּיגלט זיך אָפּ אין די דאָזיקע שורות וואַסערמאַנס גאַנצע אידייען־וועלט. עס אַנט־פּלעקט זיך דאָ זיין אני מאמין; זיין צוטרוי און גלויבן אינעם מענטשן און זיין באַגער צו זען דעם מענטש אין זיין העלסטער און שענסטער ליכט.

די טעמע איז נישט קיין נייע אין דער דיכטונג און אין דער ליטעראַטור בכלל. זינט די אַלטע צייטן נאָך באַשעפטיקט זי אַלע קינסטלער אין אַלע לשו־נות אויף וועלכע נאָר זיי שאַפן. אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור פאַרנעמט זי דעם אָנגעזעענסטן פּלאַץ אין דער סאַמע מזרח־וואַנט. און אייגנטלעך איז דאָך דאָס דאָזיקע טאַקע דער סאַמע זין און עיקר פון דער קונסט: דערהייבן דעם מענטשן, אים אויסלייטערן, אויספיינערן.

קיינער האָט נישט איינגעשטעלט קיין פעסטגעזעצטע גרענעצן צווישן דער קונסט און דער וויסנשאַפט. דער פאַקט אָבער איז, אַז די וויסנשאַפט אַפּעלירט צום מענטשנס אינטעלעקט, בעת די קונסט — צום מענטשנס האַרץ, צו זיין נשמה און געפילן. די וויסנשאַפט שטרעבט צו געבן דעם מענטשן מער מאַכט איבער דער נאַטור. איר אויפגאַבע איז צו מאַכן אים שטאַרקער, רייכער. די קונסט אָבער, שטרעבט צו מאַכן דעם מענטשן בעסער. איר אויפגאַבע איז צו אַנטוויקלען סיי דאָס עטישע און סיי דאָס עסטעטישע. מיט איין וואָרט: אַנט־וויקלען דאָס מענטשלעכע אינעם מענטשן. אויף וויפל דאָס געלינגט דער קונסט, אויף אַזויפיל דערגרייכט זי איר אויפגאַבע, הגם מיר ווייסן אַלע אַז דער וועג צום מענטשנס האַרץ איז פיל שווערער און קאָמפּליצירטער ווי צום מענטשנס מוח.

ווי געזאָגט, איז די טעמע נישט קיין נייע. פון דעסטוועגן — גלייב איך — וועט זי מסתמא נישט ווערן אַלט, אַזוי לאַנג ווי דער מענטש וועט וועלן דער־גרייכן צום סאַמע מענטשלעכן, וואָס אין אים איז פאַרבאָרגן. פאַראַן זאַכן וואָס חזרן זיך אַפילו איבער נאָכאַנאַנד און קענען דאָך שטענדיק זיין ניי. אָט למשל: דער ים, וואָס איז שטענדיק דער זעלבער און דאָך אַלע מאָל אַ נייער; דער זון־אויפגאַנג און זון־אונטערגאַנג; טאָקע די זעלבע זון — און דאָך אַלע מאָל ניי...

אין דער קונסט איז דאָס זעלבע ווי אין דער נאַטור. מע מוז נישט שאַפן קיין נייע טעמעס. עס ווענדט זיך ווי די טעמע ווערט באַאַרבעט, ווי זי ווערט אַרויסגעבראַכט. אין דעם אייגנטלעך באַשטייט די אייגנאַרטיקייט פון יעדן קינסטלער: אין דעם אופן ווי ער זעט און ברענגט אַרויס די פּראָבלעמען.

וואַסערמאַן ברענגט אַרויס דאָס פּראָבלעם אויף זיין אופן. ביי אים איז די פאַרערונג פאַרן מענטש נישט בלויז אַ טעמע פאַר אַ ליד, נאָר דער אינהאַלט פון זיין גאַנצן שאַפן. פאַראַן אין זיין דיכטונג אַ קלאָר באַשטימטער גאַנג; פאַראַן אַ ציל צו וועלכן ער וויל דערגרייכן: צ ו ם  מ ע נ ט ש.

און ס'איז מערקווירדיק וואַסערמאַנס גלויבן און צוטרוי צום מענטשן. דוכט זיך, אַזויפיל שלעכטס געזען און אַזויפיל אַנטוישונגען דורכגעמאַכט אויך אינעם אייגענעם לעבן, און דאָך איז זיין גלויבן אינעם מענטש אין דער דרך־ארץ פאַר אים געבליבן גאַנץ און אומבאַרירט, ווי ס'איז געבליבן גאַנץ דער גלויבן פון זיין זיידן, דעם דאָרפס־מלמד, וואָס האָט זיין אמונה קיינמאָל נישט פאַרלוירן, אַפילו אין די שווערסטע און ביטערסטע צייטן.

אויך אין וואַסערמאַנס לידער איז פאַראַן אמונה. זי איז נישט אין אַלע הינ־זיכטן די זעלבע ווי דעם זיידנס. זי שטראָמט אָבער פונעם זעלבן קוואַל און צילט צו די זעלבע באַרג־שפּיצן פונעם מענטשלעכן גייסט — צו דער שלימות. דער־פון שטאַמט דער געזונטער אָפּטימיזם, וואָס שטראַלט אַרויס פון אַלע זיינע לידער און דערפון אויך — די פאַרליבטקייט אין אַלץ וואָס לעבט, בליט און וואַקסט, ווי די פאַרליבטקייט אין דער וועלט בכלל. וואַסערמאַנס וועלט איז אַ ליכטיקע, אַ זוניקע. אַפילו דאָרט וווּ ס'איז שלעכט, וווּ ס'איז פינצטער, לייכט ערגעץ וווּ אַ פונק פון ליכט, וואָס דערמוטיקט און דערהייבט דעם מענטשן.

**
*

די אָפּשאַצונג וועגן וואַסערמאַנען וואָלט געוויס געווען נישט גאַנץ, ווען כ וואָלט נישט דערמאָנט, אַז גראָד אין די לעצטע יאָרן האָט ער דורכגעמאַכט אַ גרויסן איבערברוך אין זיין לעבן. אַ סך יאָרן האָט וואַסערמאַן באַלאַנגט צום „איקוף". אָבער ווי ס'איז צו זען פון זיינע לידער, האָט ער שוין אַ היפּשע צייט פריער נישט געקענט אָראָפּשלינגען די נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרלייקענונג פון דער דאָזיקער באַוועגונג, ביז ער האָט מיט איר ענדגילטיק איבערגעריסן און זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

אָט איז אַ ליד, וואָס וואַסערמאַן האָט געשריבן נאָך מיט איי‏ניקע יאָרן פאַר זיין דעציזיוע איבערצורייסן מיט דעם איקוף:

כ׳בין אַ כוואַליע צווישן כוואַליעס
אין מיין ברויזיקן יאַרהונדערט;
כ׳שווים מיט אַלע — צווישן אַלע,
דאָך — פאַר זיך אַליין, באַזונדער.

כ׳הער מיין סאָלאָ־שטים אויפשטייגן
אינעם צייטכאָר — אין צוזאַמען;
איך בין צווייג — צווישן צווייגן,
אויף אַ שטאַם — צווישן שטאַמען.

וואַלד איז בלויז אַ סכום פוןביימער;
יעדער בוים מיט זיין געשטאַלט איז;
יעדער בוים אין וואַלד איז איינער,
אָן דעם בוים — איז וואַלד קיין וואַלד נישט.

אויך דער ים איז בלויז פון טראָפּנס,
אָן די טראָפּנס — איז אָן ימען;
ווער די טראָפּנס וויל פאַרשטאָפּן —
דער וויל אויך דעם ים פאַרצאַמען...

אַפּריל 1957.

דאָס דאָזיקע ליד, פאַרעפנטלעכט מיט קאַרגע 3 יאָר פאַרן אַרויסטרעטן פון דער „פּראָגרעסיוועך״ באַוועגונג, איז איינס פון אַ צאָל לידער, וואָס באַווייזן וואַסערמאַנס אָפּאָזיציע צו דער אָפיציעלער ליניע; צו דער נאַציאָנאַלער זעבלסט־פאַרלייקענונג.

באַווירקט צום דאָזיקן שריט האָט דער אויפקום פון מדינת־ישראל, וואָס עפנט אַ נייע בלאַט אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק; באַווירקט האָט די ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָס איז אומגע־בראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אירע בעסטע שעפער. באַווירקט און אפשר אויך צוגעאיילט צום דאָזיקן שריט האָט דער נייער קורס פון דער „אינטעגראַציע״, וואָס מיינט פשוטע אַסימילאַציע אין דער לאַנד־קולטור, וואָס ווערט היינט אָפן געפּרעדיקט און פּראַקטיצירט מצד דעם איקוף־סעקטאָר.

צו אָט־די — און געוויס אויך אַנדערע — אָביעקטיווע פאַקטאָרן איז זיכער צוגעקומען נאָך איינער — אַ סוביעקטיווער פאַקטאָר — אַ מאָראַלישער.

אויף איבערצורייסן מיט אַ באַוועגונג וועלכער מע האָט געדינט צענדלי־קער יאָרן, דאַרף מען, חוץ אידעאָלאָגישער איבערצייגונג, פאַרמאָגן אויך מאָ־ראַלישן כוח. אָן דעם כוח איז מען נישט פעיִק צו אַ ווּיכטיקן שריט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבערברוך אינעם גאַנצן לעבן פון אַ מענטש.

וואַסערמאַן האָט דעם דאָזיקן כוח פאַרמאָגט. נאָך מער: ער האָט אַ דאַנק דעם באַוויזן, אַז זיין ליבשאַפט צום מענטש איז אַן עכטע, אַן אָרגאַנישע. און ווי־באַלד ליבשאַפט צום מענטש און אויך צום ייִדישן מענטש, קען זי נישט זיין אַנדערש ווי געפּאָרט אויך מיט דער ליבשאַפט צום ייִדישן פאָלק.

„איך וועל פון דיין צעשלאָגענער ריי
נישט דעזערטירן!
דיין ווי
האָט שאַרפער געמאַכט מיין שפירן;
מער
פאַרשפיצט מיין געהער
צום קלאַפּן פון דיין דופק."

און צום סוף פון דעם ליד זאָגט ער:

„און צום באַגינען —
אַ פאַרשפעטיקטן אַפילו,
אַן אויסגעשייערטן אין פלאַמען —
וועל איך מיין שחרית־תפילה
דאַווענען צוזאַמען
מיט דעם מנין
ווו כ׳האָב אויסגעקלאָגט מיינע קינות."

וואַסערמאַן — ווי יעדער דיכטער — שאַפט זיין אייגענע תפילה. אָבער דאָס איז נישט קיין תפילה פון אַ יחיד וואָס דעזערטירט פון זיין כלל. זי איז די תפילה פון ייִדישן ציבור, וואָס ווערט אויסגעדאַוונט פון יעדן באַזונדער און פון אַלע צוזאַמען זינט דורות און דורות. דאָס איז די אייביקע תפילה פ ו נ ע ם מענטש און פ אַ ר ן מענטש; אַ תפילה וואָס פאַראייניקט אין זיך אי ליידן, אי פריידן און איבער אַלץ — די העכסטע האָפענונגען און שטרעבונגען סיי פון דעם יחיד און סיי פון דעם כלל.

אַ דאַנק דער פאַרערונג און ליבשאַפט צום מענטש איז וואַסערמאַן געקומען צוריק צום פאָלק. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער וועג צום מענטש איז בלויז דער וואָס פירט דורך די וועגן פון זיין פאָלק. דאָס איז אייגנטלעך דער וועג פון דער ליטעראַטור ביי אַלע פעלקער. אויך די ייִדישע ליטעראַטור, און באַזונדער טאַקע די ייִדישע דיכטונג, קען נישט זיין אַנדערש.

און ס'איז פאַרעשטעגדלעך, אַז פונקט ווי דער מ ע נ ט ש פירט צום פ אָ ל ק, פירט אויך ד אָ ס פ אָ ל ק צ ו ם מ ע נ ט ש, אויב דאָס לעצטע איז ריכטיק לגבי יעדן בשר ודם, איז עס נאָך ריכטיקער לגבי יעדן שעפערישן מענטשן און אַוודאי און אַוודאי לגבי אַ דיכטער.

אין וואַסערמאַנס דיכטונג איז אָט די ווענדונג אַ קענטיקע. זי מאַכט נאָך בולטער זיין אייגענעם איך, וואָס שטייט איצט אויף אַ פיל ברייטערן און ביז אין די סאַמע טיפענישן דורכגעדרונגענעם אייגענעם באָדן.

און קלאָר איז, אַז וואָס טיפער און זאַפטיקער עס איז דער באָדן, אַלץ פולער זענען די זאַנגען וואָס גייען אויף פון זיין מיט...

חיים פינקעלשטיין

# צום מענטש

ביז די לעצטע שטראַל פון שקיעה
וועט נאָך אין מיין בליק זיך טליען,
וועט נאָך אין מיין אויג זיך טוקן —
וועל איך צו דעם מענטשן קוקן;
וועל איך גלויבן
אין דעם אויבן,
וואָס ליגט טיף אין מענטש פאַרבאָרגן.

ביז מיין שעה פון לעצטן מאָרגן
וועט פון ציפערבלאַט אָפּטריפן —
וועל איך אַקערן די טיפן,
וועל איך בויערן די גרונטן
צו דעם קערן מענטש פון אונטן,
צום פאַרשטיינטן מענטשן־קערן —
פאַר זיין ווערן
און געווערן...

# צו זיך

אַלע וועגן, אַלע שליאַכן,
טרעט זיך אויס אַליין דער מענטש;
אויך צו גאָר די ווייטסטע כרכן —
צו זיין איך — דעם עקסעלענץ...

גייט ער איבער צייט און ווייטן
צו זיין אייגענעם געשטאַלט;
צו זיין איך, דעם אויסדערוויילטן,
איבער זיך אַליין געזאַלבט.

צו דעם מענטשן דעם געגאַרטן,
אין דער טיף פון זיך אַליין. —
כאָטש אין גאַנג צום איך, דעם צאַרטן —
ווערט דער ווייכסטער טראָט, ווי שטיין...

ס'קרישלען זיך פון בערג די פעלדזן
אונטער זיינע האַרטע טריט,
נאָר ער גייט — באַשטראַלט פון העלזען,
אין זיין נביא-בליק צעגליט.

מיטן פנים אַ געווענדטער
צו די טיפן פון זיין איך,
גייט דער מענטש און קומט אַלץ נענטער —
אין דעם שווערסטן גאַנג: צו זיך...

# פּאָעזיע

זי שפּרייט אויף אַלע וועגן זיך, ווי טוי;
זי פינקלט אָפּ פון דעכער און פון ווענט;
זי מיניעט זיך אין יעדן מענטשנס בליק,
זי זינגט פון מענטשנס מיִענדיקע הענט.

זי ריטעמט אויס פון יעדן האַמערשלאָג;
זי קלינגט אָפּ פון די רעדער אויפן שטיין. —
פּאָעזיע איז געווען דאָס ערשטע וואָרט
און וועט זיין דאָס לעצטע צום פאַרגיין.

מיטן ערשטן אור־וואָרט: „יהי אור!" —
האָט אַ שאַל געטאָן דער ערשטער דיכטער־פערז.
און האָט פול געמאַכט מיט ליכט און קלאַנג
די אומענדלעכקייט — דעם אוניווערז.

דעם אין־סוף פאַרפולט פון ראַנד צו ראַנד,
ווי עס איז פאַרפולט דער טאָג מיט ליכט.
און פּאָעזיע האָט באַזעלט דעם מענטש —
לאַנג נאָך פאַר דעם ערשטן שריפט־געדיכט.

לאַנג נאָך פאַר דעם ערשטן העראָגליף,
אויך נאָך פאַר דעם אויסגערעדטן טראַף;
נאָך דעמאָלט, ווען דעם אורמענטשס שטומער בליק
האָט אויפגעגאַפט ביים וווּנדער פון באַשאַף.

און זי ווערט געבוירן פונדאַסניי
מיט יעדן ערשטן קינדערשן געוויין. —

פּאָעזיע, דאָס איז: דו און איך,
און יעדער, וועמעס האַרץ ס׳איז נישט פֿאַרשטיינט.

און אויך אונטער דעם פֿאַרשטיינטסטן האַרץ
טליִעט ווי נאָך אַ פּאָעזיע־פֿונק —
אונטער יעדן דאַך וווינט אַ פּאָעט,
אַפילו, ווען ער ווייסט גאָרנישט דערפֿון...

# לערנט אייך טרוימען!

איר ווילט מיך אויסהיילן פון טרוימען? —
אַ דאַנק פאַר דער פריינטלעכער מי!
דער ווייַן אין אַ בעכער דאַרף שוימען,
אַ האַרץ באַדאַרף פליגל צום פלי.

אַ בליק דאַרף אויפטאָגן מיט חלום,
דורכשטראַלן די נעפּלען פון צייט;
אַ האַנט דאַרף די צווייטע מיט שלום
און חברשאַפט, דריקן זיין גרייט.

איר ווילט מיך אויסהיילן פון טרוימען,
נאָר בעסער וועט זיין, ווען פאַרקערט:
קומט, לערנט אייך ברעכן די צוימען,
וואָס האָבן צעטיילט אונדזער ערד.

עס וועט אייער בליק מיט אַ שמייכל,
מיט פרייד פון יצירה אויפגיין,
ווען איר וועט די שיינקייט פון היכל
דערזען שוין ביים האַקן דעם שטיין.

ווען איר וועט די זאַפטיקע טרויבן
דערזען שוין ביים פלאַנצן דעם בוים. —
קומט, לערנט דעם בליק אויף צו הייבן
אין וואָר איבערפלאַנצן דעם טרוים...

# מיינע ריטמען

אזוי שמיד איך אויס מיינע ריטמען צום ליד:
איך לייג צו דאָס אויער צום אייגענעם הארצן,
צום קלאַפּן פון האַמער אין אייגן געמיט
צו שפּאַלטן פון נויט די אַטאָמען די האַרטסטע.

וואָס דען, אויב עס איז נישט דאָס האַרץ פון פּאָעט
אַ לאַבאָראַטאָריע אַטאָמען צו שפּאַלטן? —
די האַרטסטע אַטאָמען — די נויט פון פּלאַנעט —
מיט אייביקן פייער אין איר שוים באַהאַלטן.

און שווערער פון שפּאַלטן דעם האַרטסטן אַטאָם —
איז שפּאַלטן די פלאַך פון פאַרשטיינערטע מוחות —
עס זאָל, ווי אַ כוואַליע דאָס ליכט טאָן אַ שטראָם
און קוואַליק פון אונטערן באַרג־פעלז אויפטויכן.

שמיד איך אַזוי מיינע ריטמען צום ליד;
מיט אָפענעם אויער צום האַרצן דעם בלויזן,
צום טאַקט פון דעם האַמער אין אייגן געמיט,
די האַנט אויפן פּולס פון יאָרהונדערט דעם גרויסן.

# פאַראַנקער!

פאַראַנקער דיין בליק אין די טרוימען!
פאַראַנקער, וואָס העכער, וואָס טיפער! —
דו ביסט דיין שיף אויף די ימען
און דו ביסט דיין אייגענער שיפער.

לאָז טיפער אַרונטער דעם אַנקער,
ווען שטורעם צעבויטעט די גרונטן —
און זעסט נישט קיין הימל פון אויבן;
און זעסט נישט דעם ים־ברעג פון אונטן.

און ווייסט נישט ווען טאָג און ווען נאַכט איז
אין בלייאיק־צעגרויטע מעת־לעתן,
ווען ים וויל די ברעגעס פאַרשלינגען,
דער ווינט וויל די זונשיין פאַרלעשן.

וואַרט איבער דעם שטורעם פאַראַנקערט
ביז ס׳וועט זיך דער ים איבערשוימען;
דער שוים וועט דעם ברעג נישט פאַרשלינגען,
די וואָר — נישט פאַרטונקל׳ען די טרוימען...

יאַנואַר, 1958.

# אַ לייטער צו דער ערד...

דורך אַלע דורות בויען מיר פּאָעטן לייטערס צו דער זון —
און — — —
ליכטיקער איז נישט געוואָרן אויף דער גרויער ערד.

מיר דערהערן
ס׳געזאַנג פון די שטערן;
סודות פון די ימען;
אַפילו דאָס שווייגן פון שטיין. —
נאָר דעם מענטש אַליין,
וואָס וווינט מיט אונדז צוזאַמען
אויף איין וואַקלדיקער ערד,
אונטער איין לעכערדיקן דאַך —
האָבן מיר נאָך נישט דערהערט;
זיין פּשוטע שפּראַך —
נאָך נישט פאַרשטאַנען.

לאָמיר אים דערהערן!
לאָמיר אים פאַרשטיין!
לאָמיר
עפענען די טיר...

אויך די שטערן
וועלן העלער אויפגיין,
ליכטיקער שימערירן
ביי אָפענע טירן
און אויף שוועלן זאַטע.

צו פענצטער אָן קראַטעס,
אויף הענט אָן קייטן
און אויף ברויטיקע בייטן —
וועט די זון נידערן אָן אַ לייטער.

די לבנה וועט די דעכער באַוואַכן,
ווען באַמבעס וועלן נישט קראַכן
איבער דעכער;
ווען פון שטערן העכער
און טיפער פון ים —
וועט דער מענטשנשטאַם
זיין פאַרערט.
— לאָמיר בויען אַ לייטער צו דער ערד...

# צוויי פּלאַנעטן

אונדזער ערד געשפּאָלטן איז אויף צוויי פּלאַנעטן ווייטע:
ווייט ווי פון דער ערד צום מאַרס, ווי צו די ווייטסטע שטערן;
און צווישן די פּלאַנעטן צוויי — אַ גהינום־שײַטער,
וואָס קען אין זיין פייער־שלונג ביידע גלייך פאַרצערן.

איז: איידער מיר פאַרוואַרפן נאָך אַ בריק צו דער לבנה,
איידער נאָך מיר פּרוּוון שטעלן צו דעם מאַרס אַ לייטער —
לאָמיר אַ צעקלינג טאָן ערשט דעם גלאָק פון דער סכנה!
און פאַר אַלץ — אויף אונדזער ערד אויסלעשן דעם שייטער.

בלויז אַן ערד אַ גאַנצע, נישט פאַרשרפעט, נישט צעדרויבלט.
וועט די העכסטע הימל־לייטער קענען אונטערהאַלטן,
אויפצופּראַלן אינעם הימל אַלע פענצטער־שויבן!
און פאַר אונדזער ערדיש גליק — אויך דעם הימל שפּאַלטן...

איז: איידער מיר פאַרוואַרפן נאָך אַ בריק צו דער לבנה,
אָדער צו פּלאַנעטן ווייטע — וועלן מיר באַדאַרפן —
פאַר די קינדער אונדזערע נאָך ברענגען אַ מתנה:
אונדזער אייגענעם פּלאַנעט — אַ גאַנצן נישט פאַרשרפעט!

# צו מײַן ליד

ליד, מיין ליד:
צו שווער איז מיין געמיט
פאַר דיינע שמאָלע פּלייצעס! —
נאָר וואָסער עצה,
זאָג אַליין?
אַז דו ביסט ביין פון מיין ביין
און מער:
ביסט איך, נאָר בעסער פון מיר.
ביסט די טיר,
צי גאָר דער טויער
צו מיין דויער
אויף אונדזערע שרפעדיקער ערד.

איז אונדז ביידע נישט באַשערט,
מיין ליד,
קיין לייכט געמיט,
קיין גרינגער גאַנג.
כ'האָב ליבער דעם פּידלקלאַנג,
ווי דאָס פויקן פון דער פויק.
כ'האָב ליב דעם היי-סטויג
אויף דער גרינער לאָנקע;
דאָס געמיטלעכע בלאָנקען
בשעת זונפאַרגיין,
מיט — זיך אַליין...

נאָר איך ווייס,
מיין ליד,
איך פיל עס אויף מיין הויט:
דאָס לעבן איז אין טויטשלאַכט — מיטן טויט...

די שלאַכט איז היים,
די ערד איז אָנגעגליט —
אַ פייערקויל אין אוניווערז! —

איז דער פערז
פון פּאָעט:
אַ פונק פון זיין פּלאַנעט;
אַ בריִענדיקע שרויט —
אין דעם האַרץ פון טויט...

# דאָס טיפסטע בוך

יעדן בוך באַדאַרף מען קענען לייענען. —
דעם מענטשנס פּנים איז דאָס טיפסטע בוך.
ווער עס לייענט די שריפט פון מענטשנס פּנים —
דער לייענט שוין די טיפסטע שריפטן דורך...

ס'איז שווער די פּנים-שריפט זיך אויסצולערנען,
נישטאָ קיין שול פאַר דעם נאָך ביז אַהער;
ס'איז אַ קונסט-סימפאָניע, נאָר אָן נאָטן,
וואָס ווירטואָזן שפּילן לויט געהער.

אַ מוזיק-סימפאָניע פון בלויז סתירות,
מיט ביינערדיקע פינגער אויסגעשפּילט,
אויף קלאַווישן, ווייסע און — מער שוואַרצע...
אין סאַמע טיפעניש פון מענטשס געמיט.

בלויז דעם טיפסטן טאָן אין מענטש — דעם שטומען —
האָט קיין פינגער-אָנריר נישט פאַרשוואַרצט,
נאָר עס הערט אים נישט קיין פּשוט אויער —
הערן קען אים בלויז אַ לויטער האַרץ.

לערן איך די שריפט אין מענטשנס פּנים;
כ'לייטער אוים מיין האַרץ צום שטומען קלאַנג;
צו לייענען דעם מענטש און אים דערהערן —
אויסצוזינגען אים אין מיין געזאַנג...

# סימפאָניע פון סתירות

איך בין פול מיט ווידערשפּרוכן:
איין איך האָט ליב צו פאַרזוכן
פון די לעבנס-פאַרגעניגנס;
און דער צווייטער איז מיט פליגל.

פליגל — גרייט זיך צו פאַרמעסטן
מיטן אָדלער־פלי דעם העכסטן;
און נאָך איינער פון די איכן —
קען אויך דורך אַ שפּאַלט דורכקריכן...

כ׳בין מיט ווידערשפּרוכן שאַרפע:
איין איך האַלט אין האַנט אַ האַרפע;
און דער צווייטער האַלט די אויגן
אויפן ציל פון פייל און בויגן.

כ׳בין אַ צווילינג, אָדער מערער:
איינער — אַ פאַרשוין אַ שווערער,
אויף די ליפּן — בייטשן-ווערטלעך;
און דער צווייטער — קינדיש-צערטלעך;

אָן אַ בייטש און אויך אָן לייצעס;
לייכט, אָן יאָרן אויף די פּלייצעס;
מיט אַן אָפן האַרץ און פּנים;
מיט מחילה אויך פאַר שונאים.

איך בין קערפּער און נשמה;
איך מיט איך איז אין מילחמה,
אין אַ שווערדנקרייץ פון סתירות —
אויסצולייזן די יצירה...

# צום דיכטער

גראַב אין דער גאָלדמינע, וואָס דו טראָגסט אין זיך:
אין די טונקעלע טיפן פון אייגענעם איך.

אין די שטייניקע גרונטן אין זיך אַליין —
און די אָדערלעך גאָלד האַק אויס פונעם שטיין.

בלאָז אָפ גאָר דאָס אַש פון דיין אייגן געמיט
און גלי פון די פונקען אויס פערזן צום ליד.

און שיק זיי, ווי טויבן אין פרידלעכן פלי —
געפרוירענע הערצער אַ גלי טאָן, אַ ברי.

אַ שימער טאָן אין אַ פאַרטונקלטן בליק,
אַז בליק צו אַ בליק זאָל פאַרוואַרפן אַ בריק.

אַ האַנט זאָל דערפילן אין צווייטנס באַריר
דעם צאַפל פון האַרץ אונטער יעדער קאָליר.

ביסט דיכטער: — דער נביא פון אונדזערע טעג —
ווען טויט גראָבט אויס קברים דעם לעבן אין וועג.

ווען טויט האָט זיין פויערשע קאָסע פאַרלאָזט
און קאָסעט אויף הורט אין אַטאָמישן טראָסט.

ווען גאָר דיין פלאַנעט — אויך מיט דיר און דיין טרוים —
קען ווערן אַטאָמישער שטויב אינעם רוים.

קען ווערן — אויב ס'איז שוין אַצינד נישט צו שפעט? —
באַווייז, אַז דו ביסט עס דער נביא־פאָעט:

דיים אויף אין דעם מענטש זיין פאַרשטיינערטע פלאַך!
פאַרקריץ דיין נבואה אין נייעם תנ"ך!

ברי אוים דיינע טריט אויפן אייביקן וועג
צום „באחרית הימים" — אין אונדזערע טעג...

# מיַין הערב

אויב זכות־אָבות — האָב איך מיינע!
אָט איז מיין מישפּחה־הערב:
פון איין זייט — אַ נאָדל־פאָדעם,
פון דער צווייטער זייט — אַ סערפּ.

האָב איך אויף מיין הערב דעם אַלטן
אויך אַ פּען אַרויף געקריצט. —
האָט זי דאָס געמיט פון פעלדער,
טיילסמאָל אויך — דער נאָדלס שפּיץ...

כ'האָב מיין מאַמעס פעלדער ליבער,
ווי מיין טאַטנס נאָדלשפּיץ, —
דאָך האַלט איך אין לאַץ די נאָדל,
גרייט אַ שטאָך טאָן ווען נישט איז;

ס'גייט די אַלטע וועלט אום, נעבעך,
אָפּגעשליסן — לאָך אויף לאָך!
לייגט מען לאַטע אויף אַ לאַטע
אויף דער אַלטער וועלט — דעם שליאָך.

און די נייע וועלט, במחילה,
קומט אין גאַנצן נאַקעט אָן,
דאַרף מען טאַקע זי באַקליידן —
און מיט שיק, לויט דעם פאַסאָן...

היינט, דער מענטש אַליין — גאָטס ליבלינג:
כולו חומר! כולו וואָך! —
איז אַ מיצווה צו דערלאַנגען
אין זיין האַרטער פעל אַ שטאָך.

און אַ מיצווה אַ פּאַרדינטע
ביזן ביין צו טאָן אַ פּיק —
דעם, וואָס איז מיין הערב מטמא
מיט אַ טעמפּן גאווה-בליק...

וואַרף איך די ירושה-נאָדל
פון מיין לאַץ נאָך נישט אַרויס! —
ס'איז אַ היפּשע „קיינעהאָרע",
באַלעבאַטישקייט אין הויז...

# היים

היים מיינט:

א שטוב, א בעט,
א געדעקטער טיש,
א שמייכל פון א פרוי,
א קינדס א גלעט.

היים איז:

א פענצטער צו דער וועלט,
א בוים פאר דער טיר,
שכנים אין גאס,
דעם שכנס קינד אויף דער שוועל.

היים האט:

חברים, קרובים,
שימחות און מחלוקות,
חתונות און גטן,
טרויער און ימים טובים.

היים הייסט:

די ערד פון דיין וויג,
פאבריקן־זשום, וואלד־גערויש,
מוט אין מפלות, ניכטערקייט אין זיג...

היים איז ביידע:

שוועל און ערד. —
און מיר איז צוויי מאל
אָן א היים זיין באשערט...

# דאָס געמעל...

ווי אין טראָפּן איז דאָ דער ים —
איז אין מיר די וועלט פאַראַן,
מיט איר שאָטן, מיט איר ליכט —
און זי פורעמט מיין געזיכט.

און זי מאָלט אוים מיין פּאָרטרעט. —
בין איך דאָס בילד פון מיין פּלאַנעט,
ס'געמעל פון דורות מאָלער־פינגער:

שוין דער אַלטער תהילים־זינגער,
דער פּאָעט פון ממעמקים,
האָט מיין געמיט טיף אויפגעאַקערט.

און דער שטויב פון די מרחקים,
פון אַלע קאָנטינענטן ווייטע,
האָט געצייכנט מיינע טריט.

אין דעם פלאָם פון אַלע שייטערם
האָט מיין בליק העל אויפגעגליט —
קעגן יעדער שווארצער טאָגע...

ס'האָבן „פּלאַטאָנם דיאַלאָגן",
די בעלי־תלמודים חריפות —
מיר דעם מוח אויסגעשליפן
און דעם שטערן מיר געקאַרבט.

איך בין דער, וואָס האָט געאַרבט
ס'ליכט און שאָטן פון די דורות:
פון סיני און אָלימפּ — די תורות,
פון מידבר — דאָס גאָלדענע קאַלב.

ס'איז מיין שטאָלצער קאָפּ געזאַלבט
פאַר דער קרוין פון דעם באַשאַף;
דער רוקן — נאָך געבויגן — אַ שקלאַף
אונטער דער בייטש פון נוגש.

מיין פאַרחלומט אויג איז
פאַראַנקערט שוין אין שבת;
מיינע פּים — נאָך אין פּרייטיקדיקע שקראַבעם —
קענען אַלץ נישט אָניאָגן צו ליכטבענטשן...

דורות סקולפּטאָרן פורעמען דעם מענטשן;
מאָלער מאָלן מיין פּאָרטרעט —
און דער אַלטער שד
שטעקט נאָך אַלץ אין מיין געזיכט.

נישט איין פּענדזלשטריך,
נישט איין פּיקאַסאָ און ראַפאַעל
וועט נאָך מאָלן מיין געמעל.

מאָלן מיטן בלוט פון האַרצן,
ביז מען וועט דעם שד דעם שוואַרצן
און פון אַלע מין־קאָלירן —
פון געמעל אויסרעטושירן...

# מיטן פאָלק!

איך וועל פון דיין צעשלאָגענער ריי
נישט דעזערטירן!
דיין ווײ
האָט שאַרפער געמאַכט מיין שפּירן;
מער
פאַרשפּיצט מיין געהער
צום קלאַפּן פון דיין דופק.

איך בין נישט קיין רופא
צו היילן דיינע ווונדן,
נאָר געבונדן
און פאַרבונדן
בין איך מיט זײ —
דורך איין פאַרבלוטיקטן באַנדאַזש.

איך בין פאַרקנסט
צו דיין באַרג אַש;
צו דער אבידה
פון דער עדה;
צו דעם ציבור
אין די גריבער;
צו דער הרוגים-קופּע. —
איין טויטן-חופּה
דעקט צו אונדזערע קעפּ!

אויף די טרעפּ
צום מענטשנס גלאָריעס —
פירן איבער דיינע קרעמאַטאָריעס;
איבער דיינע קאַלכאויוונס.

אויך דאָס טאָגן אויף די שויבן
איז מיט דיין אַשוואָלקן פאַרגרויט. —
וועל איך שוין פון מיין הויט
נישט אַנטרינען!

און צום באַגינען —
אַ פאַרשפּעטיקטן אפילו,
אַן אויסגעשייערטן אין פלאַמען —
וועל איך מיין שחרית־תּפילה
דאַוונען צוזאַמען
מיט דעם מנין —
ווו כ׳האָב אויסגעקלאָגט מיינע קינות...

יאַנואַר, 1960

# בלוט אויף די פינגער

וויפל קנייטשן אויף מיין שטערן!
וויפל טרויער אין די אויגן! —
אין מיין טויבנגעסט דער ווייסער
זענען קראָען אָנגעפלויגן.

פאַר מיין אויפגעמאַכטן פענצטער
פלאַטערן איצט שוואַרצע קראָען
מיט אַ הייזעריקן קראַקען:
„קיינמאָל מער"! — ווי אין שיגעון.

פון מיין טויבנשלאַק פאַרשוווּנדן
איז דאָס פרילינגדיקע וואָרקען;
זע: דער שעפס פון דער נבואה
צאַפּלט זיך ביים וואָלף אין גאָרגל.

ס'שלינגט דער וואָלף איין די נבואה
מיטן שעפסעלע אין איינעם;
רויט פון שעפסנבלוט, מיין נביא,
זענען דיינע גרינע פליינען.

רינט דאָס בלוט אויף מיינע פינגער,
טריפט אויך אויף מיין קאָפּ דעם גרויען:
כ'האָב דאָך אויך בשעת פאַרציקונג
אין דעם וואָלפגעוואָי געוואָיעט.

כ'האָב מיין הארץ מיין ווידערשפעניקס
מיט די ציין דאָן איינגעביסן,
און מיט זיסלעך גאולה-וויירויך
צוגעדעמפט פרום מיין געווינסן.

כ׳האָב געזען אַ נייעם משה
אין דעם פּרעה במיצרים;
כ׳האָב געגלייבט אין נס: אַז הבל
ווערט געבוירן פון אַ קין...

אָנגעשריבן דאָס ליד האָב איך אין יאָר 1956, נאָך דער וויסטער בשורה וועגן די יידישע שרייבערס אין ראַטנפאַרבאַנד. — באַאַרבעט אין פעברואַר 1961.

# יעדער בוים אין וואַלד איז איינער

כ׳בין אַ כוואַליע צווישן כוואַליעס
אין מיין ברוזיקן יאָרהונדערט;
כ׳שווים מיט אַלע — צווישן אַלע,
דאָך — פאַר זיך אַליין, באַזונדער.

כ׳הער מיין סאָלאָ־שטים אויפשטייגן
אינעם צייטכאָר — אין צוזאַמען;
איך בין צווייג — צווישן צווייגן,
אויף אַ שטאַם — צווישן שטאַמען.

וואַלד איז בלויז אַ סכום פוןביימער;
יעדער בוים מיט זיין געשטאַלט איז;
יעדער בוים אין וואַלד איז איינער,
אָן דעם בוים — איז וואַלד קיין וואַלד נישט.

אויך דער ים איז בלויז פון טראָפּנס,
אָן די טראָפּנס — איז אָן ימען;
ווער די טראָפּנס וויל פאַרשטאָפּן —
דער וויל אויך דעם ים פאַרצאַמען...

אַפּריל, 1957.

# און איך בין אַ צווייג פון בוים!

איך בין אַ צווייג אויף אַן אַלטן בוים,
ביי דעם ברייטן קאָנטינענטן־טראַקט,
טיף פאַרוואָרצלט אין דער גאָרער ערד
און — מיט טיפע קאַרבן פון דער האַק...

ס׳קאַרבן יאָרן זיך אין יעדן שטאַם;
ס׳צייכנט יעדער יאָר אַ נייעם רונד;
נאָר מיין שטאַם צעקאַרבט איז פון דער האַק
און ס׳איז יעדער קאַרב — אַ פרישע וווּנד.

בליט מיין שטאַם מיט וווּנדער און מיט וווּנד.
ר׳איז אַליין: דער דאָרן און דער פלאַם;
ר׳איז דער פייערפונק אין יעדן בונט
און דער שטעקן, וועלכער שפּאַלט דעם ים.

און אין מדבר האָט ער וויפל מאָל
אויסגעשלאָגן וואַסער פונעם שטיין;
מ׳האָט פון אים דעם מישכן אויסגעשניצט
און דעם קרייץ צו קרייצן — אים אַליין...

און איך בין אַ צווייג פון אָט־דעם בוים!
מיט ירושה־קאַרבן פון דער האַק.
דאָך: פון יעדן קאַרב שפּראָצט אויף אַ זוים —
פאַר אַ נייעם בלי ביים אַלטן טראַקט...

פעברואַר, 1960

# זאָלן וואָרצלען גראָבן טיפער!

יעדער וואָרצל בענקט צו טיף;
יעדער רויז — צו טויענטריף.

נאָר עס טרעפט אַמאָל: אַ רויז,
וואַקסט אויף פון אַ שטיין אַרויס.

איז דער שטיינערשוים צו פלאַך
און די רויזן־וואָרצלען — שוואַך.

און אַרום דער רויזנפלאַנץ
וואַקסט אַ ווילדער דערנערקראַנץ.

וואָסזשע דאַרף מען טאָן דערצו? —
דאָס, וואָס יעדער גערטנער טוט:

ריים די ווילדע דערנער אויס;
ווייכער מאַך דעם רויזנשויס;

גראָב דעם שטיין אַוועק פון קוסט,
דאָרטן, ווו דו דאַרפסט און מוזט —

זאָלסטו פלאַנצן פון דאָסניי.
אַז די רויז וועט וואַקסן פריי —

וועלן וואָרצלען גראָבן טיפער;
וועט אויף טוי פון הימל טריפן;

וועט אין צייט דער רעגן פאַלן
און די זון וועט שטראַלן, שטראַלן...

# מיר רעדן אין מענטשלעך לשון

מיין זון האָט אַ בראָנזענעם קאָפּ האָר —
אין דעם זיידן זיינעם געראָטן.
מיין טאָכטערס קאָפּ האָר — צייטיקער ווייץ —
ס׳איז מיין אייגענער יוגנט-שאָטן...

איז יעדער קינד מיינס אַ רינג אין קייט;
אַ שטאַפּל אין מישפּחה-לייטער;
דאָס אויפגעלעבטע געביין פון טאָל;
אָן אָפּגעזענקטער ייִד פון שייטער.

איז אויך מיין קליינע מישפּחה-היים
אַ נעסט אויפן שטאַמבוים פון דורות;
אַ טראָפּן בוימל אינעם אַלטן קרוג —
פאַר נייע פלעמלעך אין מנורות.

מיין טיש — באַשיידן, שטענדיק געגרייט,
צום מאָלצייט, מיט גאָפּל און לעפל:
אַ צייטונג, טיילמאָל אויך פּען און פּאַפּיר,
אַ בוך צו דער האַנט אַ צעעפנטס.

ביים טעגלעכן ברויט, ביים טעלער זופּ,
טיילט מען זיך מיט אַ וואָרט אַ נייעם;
טרעפט מען אויף אַ האַרבן פּסוק מאַרקס —
איז ביינאַנד אויך לייכטער צו צעקייען.

צווישן די אָפטע געסט ביי מיין טיש,
זיצט שלום-עליכם, הערנאַנדעז.
הערט נאָר, ווי אונדזער רב טוביה רעדט
מיט מאַרטין פיעראָ זיך פאַנאַנדער.

עס ווערט די זאַמדיקע פּאַמפּע גאָר
איין האַרץ מיט קאַסרילעווקער בלאָטעס;
ס'איז דאָך איינער דער צער און די פרייד
אין דער „פּאָנטשע"[1] ווי אין דער קאַפּאָטע.

ס'פינקלען אויך אָפּט אַראָפּ פון מיין טיש
צעשוימטע פּאָעזיע-וויינען:
יהודה הלוים בענקשאַפט צום שטאָם,
באַרווישיקע שאַרפקייט פון היינען.

טרינקט דער נעכטן לחיים צום היינט,
פאַרנעפּלטע ווייטקייט ווערט דאָ שוין;
וויפל לשונות עס רעדט נישט דער מענטש —
דאָך רעדט ער אויף איין מענטשלעך לשון...

***

מיין זון האָט אַ בראָנזענעם קאָפּ האָר,
מיין טאָכטער אַ צייטיקע זאַנג איז:
איך האָב זיי אין לעבן — צו לעבן געבראַכט
און נישט פאַר קיין נייע מיידאַנעקס!...

[1] פּאָנטשע — אַ מין שאַל, טראַדיציאָנעל ביים דאָרפסמענטש.

# פון „יהי" צו „כי טוב"!

עס גייט אַמאָל אויף אַ ליכט אין געמיט
און שטראַלט דורך די בליקן אַרויס צו דער וועלט,
ווי בענטשליכט אין פרייטיק צו נאַכטן אַמאָל,
דורך שטעטלשע יידישע פענצטער צעהעלט.

שפּרייט זיך די וועלט פאַר דיין בליק אַזוי ווייס,
ווי שבת דאָס טישטעך אַמאָל אויף דיין טיש. —
אַלט אין פאַרלאַטעט, נאָר שבתדיק קלאָר,
געוואַשן אין טייכל, געמאַנגלעוועט פריש.

ווערט היימישער ראָזשענקע־וויין, אויך — שאַמפּאַן;
אַ ברויטל, ווען אויך אַלטגעבאַקן, אַ האַרטס —
איז לעקעך פאַר שאַרף־אויסגעהונגערטע ציין,
אַבי נאָר מיט זמירות און שבת אין האַרץ.

עס גייט אַמאָל אויף אַ ליכט אין געמיט
און שפּאַרט דורך דיין בליק צו דער וועלט מיט זיין שיין;
און זעסט, ווי עס וועבט זיך פון שטראַלן אַ בריק
פון ליכט, וואָס געווען — מיטן ליכט, וואָס וועט זיין.

און ווייסט: ביסט אַ רינג אין דער ליכטיקער קייט;
אַ קלאַנג אין פּילטאָניק־צעקלונגענעם סטראָף;
אַ שטריך אין פילפאַרביקן פּנים פון וועלט;
אַ זייל אין דער בריק פון „יהי" צו — „כי טוב"!...

# מײַן באָרװעס ליד

געקומען צו מיר איז דאָס ייִדישע װאָרט,
באָרװעסערהײט און מיט הונגער געפּאָרט.

און גלײַך מיט די ערשטע טריט אויף מײַן שװעל,
האָבן זיך װערטער אין פֿערזן צעשטעלט.

פֿערזן — מיט דאָרפֿישן קלאַנג און קאָליר. —
נאָר כ׳האָב נישט געאַנט נאָך פֿון פּען און פּאַפּיר;

האָב איך די ערשטע קלאַנגען פֿון ליד —
מיט באָרװעסע טריט אין זאַמד אויסגעבריט...

פֿון דאָרט ביז אַהער איז — פּאָלג מיך אַ גאַנג!
דאָך גײט מיר אין פּוסטריט אַלץ נאָך יענער קלאַנג:

אַפֿילו נאָך הײַנט, אין מאַשינען־געשריפֿטס,
רײַסט זיך אויך דורך פֿון מײַן מאַמען אַ זיפֿץ.

דעם טאַטנס אַ מעשׂה פֿון שדים און קריג;
דאָס סאָפּלאָזע סקריפּען פֿון װיג אויפֿן שטריק.

און טײלמאָל: אינמיטן דעם װיגלס געסקריפּ —
אַ פּלוצלינג דערװאָרגענער קינדערשער כריפּ...

נאָר קינד איז — אַ קינד... און ס׳קינדישע האַרץ —
קען נישט פֿאַרבלײַבן אויף לאַנג קײן באַצאַרטס:

עס ליגן די פֿעלדער פֿאַר מײַן בליק געשפּרײט,
זומער — אין גרינס און אין גאָלד אָנגעקלײדט;

מיט ריחות פון פריש־אָפּגעקאָסעטן היי.
ווינטער — מיט פוכיקן, פּראָסטיקן שניי. —

דער איינציקער פוך, וואָס כ׳האָב דעמאָלט געקענט,
וואָס האָט אַזש פון ווייסקייט — געבלויט און געבלענדט...

מיט שליטעלעך איבערן פוך אין גאַלאָפּ,
ביז דאָרט — וווּ עס לאָזט זיך דער הימל אַראָפּ...

קרייצן זיך איבער ביז היינט אין מיין ליד:
באָרוועסער גאַנג מיט מיין דאָרפיש געמיט.

# וואָרצלען

### (אויטאָביאָגראַפישע פּאָעמע)

צו די זעכציק יאָר איז אַן אַלמן געוואָרן
מיין זיידע, דער דרדקי־מלמד, רב פרידל. —
טאָר דאָך אַ ייִד אַן אַ ווייב נישט פאַרבלייבן,
בפרט אַ מלמד — אַ רבי ביי ייִדן.

איז פריידע, זיין ווייבס שוין די גאָר ייִנגסטע שוועסטער,
אַ פאַרשוין, כאָטש קיין זעכצן יאָר נישט קיין פולע,
מיט פרידל מלמד געגאַן צו דער חופּה —
רב פרידל — דער אלמן מיט פריידע — דער בתולה.

און פרום איז געוועזן רב פרידל מלמד,
האָט גאָט אים באַשאָנקען מיט כוחות און יאָרן:
איז קוים ניין חדשים צום טאָג פון דער חופּה
רב פרידל, מיט מזל, אַ טאַטע געוואָרן.

נו, האָט מען באַלד שבת אין דאָרפישן מנין
אַ נאָמען געגעבן דעם קינד, ווי עס פירט זיך;
אַ קידוש געמאַכט איבער היימישן בראָנפן,
פאַרביסן מיט היימישע קאָרענע קיכלעך.

מען האָט זיך געווונטשן ישועות אויף ייִדן
און ווידער באַנעצט מיט אַ שנעפּסל דעם גומען. —
זייט דאַן האָט געהייסן דאָס קינד חיה־רחל,
נאָך חיים — אַ פעטער און רחל — אַ מומען.

אַ נאָמען, ווי אַלע, אַ ייִדישער נאָמען,
דערמאָנט אין די אימהות, דער הייליקער תורה.

האָט שפּעטער מיט פיר צענדליק יאָר, חיה רחל,
מיך הינטערדוועגס, אויף אַ וואָגן געבוירן.

ס'איז לייכט אויסצורעדן זיך: „פיר צענדליק יאָר",
ווען יעדער שעה לעבן געווען איז אַ וואונדער:
אַ לעבן אויף דחקות, אויף בריתן און קברים,
פון „מיינע" און „דיינע" און „אונדזערע" קינדער....

און איך, דער מעזיניק אין מאַמעס זעמליאַנקע,
געווען בין דער צוועלפטער שותף צום — הונגער;
אַ שותף מיט גרוים אַפּעטיט, קיינעהאָרע,
אַ קישקע אָן אַ דנאָ, אַ וועלפל אַ יונגער.

— אַזוי פלעגט די מאַמע אונדז קינדער דערציילן,
ביים שפּינדל, אין ווינטער־ביינאַכטן אין ווייסע. —
נישטאָ שוין די מאַמע, נישטאָ שוין איר שפּינדל —
דאָך שפּינט זיך נאָך אַלץ אין זיכרון איר מעשה.

קניפּ איך איצט פֿאָדעם מיט פֿאָדעם צוזאַמען,
עס זאָל זיך די מעשה נאָך שפּינען און שפּינען:
עס זאָלן מיין מאַמעס שטראַלן פון שקיעה
פֿאַרקניפּט זיין מיט מיינע קינדערס באַגינען...

# פרי־פרילינג

אין דעם גרויסן ווערטער־מבול
אין פאַרשוועכטן וואָרט־יאַריד,
זוך איך דיך, מיין וואָרט באַשיידנס,
פאַר מיין תמימותדיקן ליד.

זאָלסט אין פוסטריט מיך באַגלייטן
איבער מיין זיכרון־שטעג,
ווו עס זשאַרען זיך אין אַש נאָך
מיינע אויסגעברענטע טעג.

איידער כ'וועל די שוועל באַטרעטן
וועל איך וואַשן מיינע פיס
אין מיין היימיש־דאָרפיש טייכל,
וואָס האָט פריינטלעך מיך באַגריסט;

מיך באַגעגנט מיט געזאַנגען,
ווי אַ לאַנג־דערוואַרטן גאַסט,
אויפן טוכלע שטרוי אין וואָגן,
אויפן הפקר פון דער גאַס.

ס'האָבן כוואַליעס שוין אין טייכל —
פריי פון זייער ווינטערדעק —
אויפן מילראָד זיך געלאָזן
און די מיל פון שלאָף צעוועקט.

זענען פויערים פון דערפער —
ווילד־באַוואַקסענע מיט בערד —
צו דער וואַסערמיל פאַרפאָרן,
אויסגעשפּאַנט די מידע פערד.

אַנגעפּאָיעט זיי ביים טייכל
און אַליין געכאַפּט אַ קיי
פון די לייוונטענע טאָרבקעס.
און צווישן בים און שפּיי,

האָט מען אויסגענייגט פון פלעשל
ביז צום סאַמע לעצטן טראָפּ;
פויל, אָן חשק, זיך געצלמט
און די פּייקעס אָנגעשטאָפּט.

אָדער פון דער טאַבאַקערקע
טאַבעקע געשטופּט אין נאָז,
ניסט מען און מען ווינטשט: „נאַ זדראָוויע!"
און מען שנייצט אַריין אין גראָז.

# זומערלעב

עס קומען אין דמיון פאַרגאַנגענע טעג:
איך זע אונדזער כאַטעביים זאַמדיקן וועג;
איך זע נאָך אין זאַמד מיינע באָרוויסע טריט —
זיי גייען דורך לענדער מיר נאָך אין מיין ליד...

ווי גוט איז אין הייסן, אין גאָלדיקן זאַמד,
זיך קאַטשען און שפּילן מיט קינדער ביינאַנד!
זיך שפּילן ביז וואַנעט עס נעמט — אויך אין שפּיל —
די זון זיך באַהאַלטן אויף יענער זייט מיל...

ווי וואָלט איך די שפּיל היינט געשפּילט פונדאַסניי!
און פאַרט אויפן וועג ווען אַ פורל פאַרביי,
איז אויך קיין סכנה אין דעם נישט פאַראַן:
מיד איז דאָס פערדל, פאַמעלעך זיין שפּאַן.
דער טאָג איז נאָך גרויס און דער פויער האָט צייט;
ער פּיפּקעט זיך רויִק זיין פּייקע און שפּייט.
די „באַבע" אין וואָגן, די קינדער מיט איר.
עס שטעלט זיך אַ פורל ווען אָפּ פאַר דער טיר,
פּאַדפּאַסעט דער פויער דאָס פערדל אין גראָז
און לאָזט זיך ביים שניידער נעמען אַ מאָס:
באַשטעלט זיך אַ „קורטקע" פון היימיש געוואַנט —
ס'איז וואָווע דער איינציקער שניידער אין קאַנט.

באַצאָלן דעם שניידער, ווי ס'איז, פאַר געניי —
באַצאָלט מען אַמאָל מיט אַ הון, מיט אַן איי.

ס'איז היימיש דער דאָרפישער שניידער, דער „זשיד";
רעדט מען פון יקרות, מען רעדט פון יאַריד;
מען לאָזט זיך אין טיפע רעיונות אַוועק:

עס זיפצט אַף דער פויער — „אַ צייט קומט, אַ שרעק!
— עס גייט אויף מילחמה דער הונט, דער פּרוסאַק”.
דער טאַטע העלפט אונטער אויף פּויליש: „טאַק־טאַק!”
„מען זאָגט: טשאַרנע גאַרצעס, ביים גרענעץ פון טערק,
ריזן, וואָס וווינען אין הײלן פון בערג,
אַ סברא זיי שטאַמען פון גוג ומגוג...
שוואַרץ, ווי ציגײנער, אין שטערן — איין אויג;
בעזבאָזשניקעס אַלע, קיין גאָט נישט אין האַרץ,
די ערד, וווּ זיי טרעטן ווערט וויסט דאָרט און שוואַרץ!”.

„זיי גייען אים העלפן, דערציילט מען, דעם שוואָב.
אַ גליק די צאַרינע האָט עפּעס דערשנאַפּט
און לייגט זיך, דערציילט מען, אין שלום אַריין...
אַנדערש, חלילה, די שעה זאָל נישט זיין!
אַ סוף וואָלט געווען צו דער וועלט, קאָניעץ שוויאַט!”.
דער פּויער נאָגט שטאַרקער די פּייקע און גאַפט
און שיקט אַף אַ קרעכצל, אַ פּרומס צו דער וועלט;
„מען זאָל כאָטש דעם שניט אַראָפּנעמען פון פעלד!”.

אַ פּאַך מיט דער בייטש, ס'איז דער פּויער אַוועק;
געבליבן אין האַרץ איז צום הונגער — די שרעק.
און וואָלט כאָטש די מאַמע געווען אין דער היים,
וואָלט איך די שרעק אויסגעפּלאַצט מיט געוויין;
דעם הונגער און שרעק אויסגעוויינט אויף איר ברוסט;
זי וואָלט זיך געבייזערט און וואָלט מיך געקושט;
זי וואָלט מיך געמוסרט: „אַזאַ בחורעץ!”
און וואָלט מיך געטרייסט מיט אַ לעפל געקעכטס...

דער טאַטע קרעכצט אונטער, ער האַלט זיך קוים־קוים,
ער דרימלט בייטאָג אינעם שאָטן פון בוים;
ער הוסט און זאָגט ווידוי ביינאַכט אין דער שטיל
און כראַקעט די לונגען אַרויס אויפן דיל...

פאַרשפּילן מיר, קינדער, דעם הונגער און שרעק,
אין זאַמד ביי דער לאָנקע, אין טייכל ביים ברעג;
עס ווערט אין דער שפּיל יעדער שפּענדל — אַ שיף,
דאָס טייכל — אַ ים ווערט, אומענדלעך און טיף.

דערנאָך, ווען עס נעמט זיך אויסבעטן די וועלט
אויף גרינעם, געקאָשעטן היי אויפן פעלד
און ס'זינגען די פייגל אַ וויגליד איר צו,
דעמאָלט, ווען ס'קומען אָן שאָטנס פון ווי —
קומט אויך די מאַמע מיט באָרוויסע טריט,
אַ מידע, פון פריצישן פעלד, פונעם שניט.

דער סערפּ אויפן אַקסל, דערלעבן — די שיך,
אין פאַרטעך — אַ מעסטל קאָרטאָפל מיט זיך.

# בלעטער פאַלן...

אַ בריה געווען איז מיין דאָרפישע מאַמע —
זייט דורות מיט פעלד און מיט וואַלד אויג אויף אויג —
ס'האָט קיינער אין שניט נישט געקענט זי דעריאָגן;
און ווער נאָך, ווי זי, האָט צום קינדלען געטויגט?

דאָס פעלד האָט די זאַנגען צום יאָר אויסגעגאָלדיקט,
דער וואַלד האָט יאָר־יערלעך צעגרינט זיך, צעצווייט;
מיין מאַמע — פאַרנומען מיט טראָגן און זייגן —
פלעגט אַלע צוויי יאָר בלויז איינזאַמלען איר שניט...

און איינזאַמלען פלעגט זי דעם שניט אירן ווינטער,
ווען ס'ליגט אויך דאָס דערפל אין שניי־ווייסן בעט,
ווען אַרבעט איז ווינציק און שווער איז פרנסה,
אַז טיילמאָל פעלט פשוט שוואַרץ ברויט צו דער זעט.

איז דעמאָלט די צייט פאַר מיין פלייסיקער מאַמען
איינזאַמלען צום וויפלסטן מאָל איר פאַרזיי.
און וויפל באַדאַרף עס אַ קינד פון אַ קבצן? —
אין וויגל אין אַלטן — אַ פירש בינטל היי;

אַ „באָבע" — אַן אַלט־אויסגעקינדלטע גויע;
אַ מולטער מיט לעבלעכן וואַסער — אַ באָד.
און אויב אַ בן־זכר — אַ טאָפּ אויך מיט אַרבעס;
אַ מנין אַ דאָרפישם; אַ מוהל פון שטאָט.

און פראָך האָט די וואַנט נאָך געגנוג פאַר דער מילה...
פאַר ווינדלען — אַ העמד אַ צעריסנס, נישט מער.
און שענקט גאָט אַ זיבעלע־צווילינג, איז ווען? —
אַ ווייב פון אַן עמך, פון אייזן און שער...

עס קוקן די שכנות אויף איר נאָך מיט קינאה,
עס ווערט אויך מיין טאַטע מער חשוב ביי זיך:
ווי יוסף הצדיק אַמאָל אינער חומש,
האָט ער אויך אַ צווילינג פּאַרזייט פון זיין דיך.

ווערט וואָוּוע דער שניידער פון דאָרף לעבן כעלעם
אַ קרוב צו יוסף פון חומש אַרוים;
נאָר יענער געווען איז בלויז שני-למלך.
מיין טאַטע — דער מלך-המלכים אין הויז.

אַ הויז איז אַ הויז, ווען אויך בלויז אַ זעמליאַנקע.
מיין טאַטע — רויט-בערדיקער, שטרענגער מאָנאַרך,
דער צווילינג — צוויי פּרינצן: מנשה און אפרים —
אַ קעניגרייך אונטער אַ שטרויענעם דאַך...

איז מנשה פּרינציש-פאַרחלשט געבוירן,
(מיט שפּילקע-שטעך קוים אים צום לעבן דערוועקט)
אפרים — אַ בחור מיט פויערישער גבורה,
עס האָט אין אים לעבן פאַר צווייען געשטעקט.

נאָר ס׳זענען גאָטס דרכים פאַרהוילן פון מענטשן:
מנשה פאַרפלאָנצט שוין אַ דור נאָך אַ דור,
אפרים איז ריין, ווי אַ מלאך אין הימל,
צוריק אויפגעגאַנגען נאָך ערב דעם יאָר...

כאָטש קינדער געווען זענען פיל, קיינעהאָרע,
דאָך האָט מען דעם טויט זיך אַקעגן געשטעלט;
דער טאַטע טראָגט „קוויטלעך״ צום רבין רב טודרוס,
די מאַמע שפּאַלט הימלען, מעסט קברים אין פעלד.

און שפּעטער מיט יאָרן, ווען ס׳האָט שוין מנשה
צום שניידער-מאַשין זיך געשטעלט, ווי נישט איז,
(געשטעלט זיך, ווייל זיצנדיק האָט ער נאָך דעמאָלט
צום טריט פון מאַשין נישט דערלאַנגט מיט די פיס...)

האָט ביילע, אַן עלטערע שוועסטער פון צווילינג,
אַ קינד, ערשטע אין דרייצנטן פרילינג נישט מער,

דערפילט, ווי דער קאָפּ איז איר שווערלעך געוואָרן,
די פּיס, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע שווער.

איז קרענק נישט קיין נייעס אין אונדזער זעמליאַנקע;
זי פּאָלט, ווי אַ שוליאַק אין דאָרפישן העק
אַראָפּ אויף אַ טשאַטע צעשראָקענע עופות
און טראָגט אין די נעגל אַ קרבן אַוועק.

עס האַלט טאַטע־מאַמע אַן אויג אויף דער טשאַטע
פאַרהונגערטער קינדער. — בפרט נאָך אַצינד;
ס'איז ביילע אַ העלפערן שוין אין פּרנסה,
אַ ספּרינט פון אַ מיידל, אַ מזיק אַ קינד.

ס'וועט קיינער, ווי זי נישט אין פּרייטיק פאַרטאָגן,
מיט פּולע בלעך־זעמל, פון אויוון אַרויס,
אַ יאָג־טאָן מיט באָרוויסע פּיס אויפן דערפל
און ברענגען אַביסל חיונה אין הויז.

נוצט מען אין קאַמף קעגן מלאך־המוות,
דאָס שאַרפסטע כלי־זין, וואָס מען פאַרמאָגט:
עס כליפּעט דער טאַטע דורך נעכט גאַנצע תהילים,
די מאַמע טוט אירם — זי פּאַסט יעדן טאָג.

כאָטש פּאַסטן פאַר איר איז אַ גאָר קנאַפּער קרבן:
זינט ווען האָט די מאַמע אַזוי נישט געטאָן? —
ווי לאַנג איך געדענק אונדזער טיש דעם פאַרשעמטן —
איז הונגער געזעסן ביי אים אויבנאָן...

אַז טויב איז געבליבן דער מלאך־המוות,
עס האָט אים קיין תהילים, קיין טרער נישט גערירט,
האָט מען אַ פויעריש פורל געדונגען
און ביילען צום רופא אין שטאָט אָפּגעפירט.

נישטאָ שוין קיין עוף, נישט קיין איי צו פאַרקויפן;
מזומן — קיין קופּערנער צווייער אין האַנט.
דער איינציקער חפץ אין שטוב צו פאַרזעצן —
דער טלית דעם טאַטנס, וואָס הענגט אויף דער וואַנט.

נעמט ער דעם טלית מיט זיך אויפן וואָגן,
אויף רופא־געלט, אָדער... די שעה זאָל נישט זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוריק איז די פויערשע פור אַ פאַרשעמטע
אין מיד־איינגעשלאָפענעם דערפל אריין...

# משנה מקום

משנה מקום — משנה מזל! —
שעפּטשען פרום פאַר זיך מיין טאַטנס ליפּן:
בלייבט אַ וואָגן שטעקן אין דער בלאָטע
דאַרף דאָך עמעצער אים אונטערשטופּן...

ס׳וואַקסן אונטער קינדער, קיינעהאָרע,
ווי טאָפּאָלעס הויכע, כאָטש אויף הונגער,
אָן אַ שייטל עברי, אָן אַ קדיש...
אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש, מ׳ווערט נישט יִינגער.

ס׳האָט יאָ אַמאָל פון אַ יאריד דער טאַטע
מיטגעבראַכט אַ הונגעריקן בעלפער,
ער זאָל זיין אַ רבי צו די קינדער
און דעם טאַטן אין געניי אויך העלפן.

נאָר דעם „רבין״ — נאָך אַליין אַ יִינגל,
גרין און לאַנג — אַ באָנק אַרויסגעוואַקסן,
זענען תורות צוויי געווען אים שווערלעך
טראָגן אויף די אָפּגעשפּיצטע אַקסל.

ביז ער האָט מיט אונדז אַביסל סידור,
ווי נישט איז באַוויזן אויסצושוויצן,
האָט ער פריִער שוין די שניידער־תורה
איינגעשלונגען מיט די פאַסנע גריצן.

גריצן — ברונעם־וואַסער מיט קאַרטאָפלעס,
ווי אַ צושמעלץ שווימט אַמאָל אַ זשאַבע
אין דער וויאַדרע גרינלעך ברונעם־וואַסער.
נאָר דערפאַר, אַז גאָט שיקט צו דעם שבת! —

ברענגט מען פון דער שטאָט אַ פּוס צום טשאָלנט,
זענגט מען אים, מען שפּאַלט אים אין די קנאָכן. —
אָסור, אויב אַ נגיד פּילט דעם טעם
פון עונג־שבת — אָן די פּאַסנע וואָכן!...

***

דאַרף מען זיך אין שטאָט אַריבערפּעקלען;
ס'איז אַזוי גאָטס ווילן מן הסתמא:
וואָס־זשע דען וואָלט גראַד אונדזער זעמליאַנקע
די איינע בלויז אין דאָרף אַוועק אין פלאַמען?

און מיט איר, מיט דער ירושה־כאַטקע,
מיטן שטרויען־דעכל, דעם פאַרגעלטן,
איז אַוועק די דאָרפישע קבצנות,
פאַר דעם זלידנע הונגער אינעם שטעטל...

געדענק איך מיך, ווי היינט נאָך אינעם פּורל,
צווישן דעם געפּעק, דעם אָפּגעזענקטן. —
אַ פאָלק פאַר זיך איז יעטוועדער מישפּחה,
מיט אייגענע חורבנות און געדענקטעג.

דאָך איז אויך מיין תשעה־באב פאַרפּסחט,
מיט מיין אייגענעם יציאת מיצרים:
מיט מיין אויסגעלייזט ווערן פון דערפל
צו בויען זיך אין שטאָט אַ היים אַ נייע.

זיצן מיר, דאָס קליינוואַרג, אינעם פורל
און די גרויסע שפּאַנען ביי די זייטן.
הינטער אונדז — דער אָפּגעברענטער קוימען
האָט נאָך לאַנג אונדז נאָכגעגלאָצט פון וויטן...

# אין שטאָט

שינדלענע דעכער און דעכער פון בלעך.
און וווּנדער: — אויך שטיבער אויף שטיבער!
געגאַפט האָט מיין דאָרפיש־קינדערשער בליק,
געגלאָצט אויף דער שטאָט, ווי דורך פיבער.

אויכעט די שטאָט האָט אין פיבער געגליט,
מיט בערזועס, מיט „סטרייקן" און פאָנען;
געגאַפט האָט דער ווייסער בער אויף זיין טראָן —
דער שוואַרצסטער פון צווישן די טראָנען...

אַ קרעכץ געטאָן האָט מיט ערב־געבורט,
געבלוטיקט, פאַרגאַנגען אין ווייען,
די מאַמע־ראַסיי, פון „פּאַטערבאַרג" אָן,
ביז וויטן סיביר אין די שנייען.

ווימלט אויך אונדזער געסל מיט „זיי":
מיט שוואַרצע רובאַשקעס, קינדזשאַלן,
מיט פאָנען און ווילדן רייטער־גאַלאָפּ,
מיט הוראַ! און ביקסן־געקנאַלן.

נישטאָ קיין שטעטלשע שטוב אָן אַ „פּלעק",
ס'האָט קיינעם די „בראַנד" נישט געמיטן:
דער העקעריונג און דער זון פונעם רב
באַלאַנגען דער אייגענער כיתה.

אַ כיתה מיט נייע חסידים אַזאַ,
וווּ ייִנגען באַזאַמען מיט מיידן
דאַווענען איין מנין אויף „סכאָדקעס" אין וואַלד,
מיט אייגענע תפילות און „ריידעס".

מיידן מיט קורץ־אָפּגעשוירענע קעפּ,
מיט לאַנגע טשופּרינעס די יאַטן.
וויינען די מאַמעס און ברעכן די הענט,
עס קרעכצן פרום־בערדיקע טאַטעס:

„אַז זיי, נאָר זיי זענען שולדיק אין אַלץ!
אין אַלע פּאָגראָמען און גזירות!"
הענגט מען קול־קוראס אַרוים אין דער שול,
מען פּראַוועט דעם צאַר מי־שברכס...

און מאַמישע הערצער פלאַטערן אום,
ווי טויבן, די פליגל צעצאַפּלט:
ס'זאָלן, חלילה, די פלאַמען אין גאַס
די אייגענע נעסט נישט פאַרכאַפּן...

ווער קען עס וויסן, ווו ס'וועט נאָך די נאַכט
אַ פענצטער מיט אימה אויפגליִען?
ווו מאַמע־געוויין וועט שפּאַלטן די גאַס?
און שפּעטער — סיביר, אָדער... תליה.

וויפל מען בעט ביי זיי: שטופּט נישט די נאָז!
איר שפּילט זיך מיט מלכות; מיט פּאָניען!
און זיי: ווי צו להכעים — „דאַלוי ניקאָלאַי!"
אַ דיבוק, צי וואָס מיינע שונאים!

און ווער? — נאָך ריוועלע שאַכערס בנאָק;
און פּייוול — אַ לערער, אַ חלוש. —
זיי וועלן, הייסט עס, איצט שפּאַלטן דעם ים,
אויסלייזן די וועלט פונעם גלות?...

***

„אַמאָל... אַמאָל איז וואָס אַנדערש געווען" —
הייבט אָן זיך מיין טאַטע דערמאָנען —
„בלויז פּריצים און כראַביעס — קאַרפּנקעפּ בלויז!
אָט דאָס איז געווען אַ פּאָוסטאַניע!"

„פויערים מיט גלאַנציקע קאָסעם און העק;
פּריצים — באַגלייך מיט די פויערים;
זילבערנע שפּאָרן און אָדלער די פערד —
אַ חיל פון סאַמע גיבורים!".

„היינט, אַז די פּריצים און גראַפן אַליין
געכאַפּט האָבן המנס מפּלה,
וואָסזשע קען שלמה דער שוסטערוק טאָן,
צי לייבעלע דער באַלעגאָלע?!".

„וואָס אַנדערש, מיט גוטן: „אדוני צאַר!"
ווי ס'פּאַסט פאַר אַ האַר אויפצוטרעטן". —
עך, ווען זיי לאָזן מיין טאַטן דאָרט צו,
ער וואָלט אַלדאָס גוטס אויסגעבעטן:

קרעטשמעס פאַר יידן און פּאַכטעס אין דאָרף,
אַזוי ווי אַמאָל, גאָר אַמאָל שוין!
דאָס, וואָס ער רעדט נישט עכט-פּאָניש, איז וואָס? —
אַ קייסער פאַרשטייט יעדער לשון...

# עמך־ראָמאַנטיק

מיין באַשיידענער עמך־שטאַם
האָט זיין ליבע נישט געווונען
אויף דער שאַרף פון שווערד;
מיין טאַטע האָט ביי נאָדל און שער
מיט ליבע־גראַמען געגראַמט
און פאַרבענקטע העלדן־מעשיות געשפונען.

מיין שווייגנדיקע מאַמע
האָט מיט פאַרשטיקטע זיפצן
איר בענקען אויסגעבענקט.
איז איר געוואָרן צו ענג
מיטן טאַטנס גראַמען
אין קליינעם, גרויסגעזינדלדיקן באַראַק,
האָט זי אירע ליבע־געשריפצן
אויפגעשריבן מיט באָרוויסע אומרו־טריט
אויפן וויכן קאָרנשטעגל אין פעלד...
צווישן גרינס און צוויט;
צווישן טייכל־גערויש און פייגל־געטרעל,
ביז העט, העט דער ברייטער וועלט —
ביז צום שטאָטישן טראַקט.

מיין פעטער:
אַ פּשוטער דאָרפסייִד,
אַ פויער —
האָט נאָכן ערשטן טרויער,
צו די שלושים נאָך דער פערטער אישה,
זיין פינפטן זיווג געפונען.
אַ חופּה געשטעלט פרום־ייִדיש.
און גלייך נאָכן שטעטלשן יאַריד,

מיטן פעסל קעראָסין, זעקל זאַלץ און צעלניק —
מיטגעבראַכט זיך אַ ווייב אויף דער קעלנע.

אַן אלמנה, צי אַ גרושה?
מעגלעך גאָר —
אַ בתולה.
דערפאַר אַזאַ פעולה:
אַ ברית, אַקוראַט —
צום יאָר.
איז מילא, אויף איר נישט קיין חידוש:
אין די יאָרן
פון דער ביבלישער געווינערן שרה
האָט זי נישט אויסגעזען.
נאָר מיין פעטער זאָל זיך פאַרגינען
אַ ברית-מילה.
שיעור נישט אין עלטער פון ביבלישן זיידן,
איז אפילו
פאַר אמאָלסטיקע דורות
צופיל געווען!...

טאַקע, אין וואָסער זכות? —
נישט קיין בן-תורה;
נישט געפירט קיין זון צו דער עקידה;
נישט געבראָכן קיין אַלטע געטער. —
און דאָך — אַ נס פון די חומש-בלעטער:
אַ בן-זכר געבוירן
און שוין צו נעילה...
צו פינף און אַכציק יאָר.

האָב איך פון מיין שטאַמיקן דור
געירשנט די צוויי־פאַכע ירושה:
פון טאַטע-מאַמע — די בושה,
די נישט-אויסגעזונגענע ליבע-תפילה;
פון פעטער — דעם הונגער אין לייב.
ווי מאַן און ווייב
באַהעפטן זיך ביידע אין מיין געמיט;
ווי יעקב מיט עשון אין איין מוטערטראַכט
אויסגעבריט.

איינס אין אַנדערן איינגעקלעמט;
וווינען אונטער איין דאַך
און דאַך — פרעמד!
אַ קלויסטער מיט אַ שול! —
אַן אייביק ויתרוצו־שפּיל...

# ווײַס־שוואַרץ

**(צו מײַן זונס געבורנטאָג)**

אויף דײַן ערשטן ביכל און שולהעפטן
האָט אונדזערס אַ שכנה אויסגעבאָרגט;
ס׳ווײַסע שולכאַלאַטל אַ מתנה,
איז געווען דײַן מומעס ערשטע זאָרג.

דאָס האָט אויף קײַן האָר אויך נישט געמינערט
פֿון דײַן טאַטע־מאַמעס גרויסער פֿרייד,
וועלכע האָבן דײַנע קינדער־טריטלעך
שטאָלצע אין דער שול אַרײַן באַגלייט.

ס׳האָט דער שולהויף זיך געטוקט אין ווײַסן;
צווישן ווײַסן זשומענדיקן כאָר,
האָבן דײַנע פֿלאַמענדיקע לאָקן
זוניק אויסגעפֿלאַטערט דײַן קאַיאָר.

ס׳ערשטע וואָרט אין ביכל דײַנעם: מאַ־מע,
אויסגעצויגן קינדיש מיט געזאַנג,
האָט געפֿירט צו נײַע ווערטער־טרעפּלעך,
באַרגאַרויף, אַלץ העכער צום געדאַנק.

און געדאַנקען אויסגעבריט אין האַרצן
ווערן אָפּטמאָל גלײַענדיקער טאַט;
שוין אין סאַמע ערשטן שוליאָר דײַנעם
האָט דײַן האַרץ זײַן פֿײַערפֿרוו געהאַט:

ס׳איז געווען בימי־האַמוסאָלינים
שוואַרצהעמלדיקן מאַרש אין שוואַרצן לאַנד. —

וואָסער בראַנד ברענט אָן אַזוי די בלוטן
פון די קינדער, ווי מילחמה־בראַנד?

האָט עטיאָפּיע נישט געאַנט אַפילו
דו זאָלסט איר אַליִרטער זיין אין קלאַס —
באַשיצנדיק אַ נעגערל, אַ חבר,
קעגן וויים־געהעצטן קינדערהאַס.

דווקא דו — דער ווייסטער פון די ווייסע —
האָסט באַשיצט אַ שוואַרצן מיט דיין פויסט.
ס'האָט אין מיר מיין פאָטער־שטאָלץ געקוואָלן
און פאַר יעדן זיך מיט דיר געגרויסט.

נאָוועמבער, 1954

# טרערן־בלומען

**(מיין פרוי פינאַ צו די שלושים)**

מתים-שטאָט: טאַבלאַדאַ.
גאָס: זיבן הונדערט איין און נײַנציק.
דירה: 13
בירגער: מת. —
ס׳האָט אַזוי דעם קברנס רידל
אויפגעשריבן דעם אַדרעס.

שוואַרצט אַ 13 דיר צוקאָפּנס
איבער פרישע קברימוונט;
ברענגען מיר פאַר דיר היינט בלומען
צו דיין לעצטן פאַרטאַמענט...

ווייסע בלומען — דיר צום פרידן;
רויטע — פאַר דיין פרידנסוועלט. —
ס׳האָבן נאָך אַזעלכע בלומען
אויף קיין קבר נישט פאַרוועלקט.

20סטער מערץ, 1955.

# רעיונות פו אַ ייִדן

(מײַן ערשטן אייניקל זעליג־וואָלף)

יאָ, איך בין שוין אויך אַ זיידע! —
איינער פון דער שטאָלצער עדה
פון באַיאָרטן זיידע־דור:
מיט באַזילבערטע האָר,
געקנייטשטע שטערנס,
מיט אַ טראָט אַ שווערן
און מיט ישוב־הדעת.

אַ שטויבעלע אַש
פון מײַן פאַרברענטן שטאַם,
האָט אונטער מײַן אייגענעם דאַך
צום לעבן אויפגעוואַכט;
אַ פונק פון פאַרלאָשענעם פלאַם
האָט אויפגעגליט.

אַ נייער ייִד
אין אַלטן קהל
איז פון ביינערטאָל
אויפגעגאַנגען;
צווישן די פאַרשניטענע זאַנגען
האָט זיך צעגאָלדיקט אַ נייער זאַנג.

אַ נייער קלאַנג
אין כאָר
פון אונדזער קאַיאָר
גייט אויף:

נישט פאָר מה יפית־געזאַנג
אין פריצישן הויף,

אין אַלטן, ווי אין נייעם...
נישט פאַר קינם פון גופים, צי נשמות
זאָלן דיינע זמירות
זיין באַשערט:

אין כאָר פון אומות,
אין אָפּשיין פון באַגינען,
זאָל דיין שיר-השירים,
ווי אַמאָל דיין זיידנס קינות —
אָנפילן די צעגרינטע ערד.

נאָוועמבער, 1960

# ווער קען זיך צו מיר פאַרגלייכן?

ווער קען זיך צו מיר פאַרגלייכן,
ווער קען צו מיין הייך דערגרייכן,
ווען איך שפּיל מיך אויף דער ערד
מיט מיין אייניקל אין פערד?

איך — זיין פערד און ער — מיין רייטער.
שרייט דער רייטער אַ פאַרשייטער:
גיכער פערדל, היפּיי, נו!
און איך קריג נאָך שמיץ דערצו.

שמיץ, ווי שמיץ — נאָר קליינע שמיצלעך;
און אַ בריקע מיט די פיסלעך. —
גיב איך טאַקע זיך אַ ריר,
פון דער וואַנט ביז צו דער טיר.

פון דער טיר צוריק און ווידער,
ביז דאָס פערד פאַלט אום אַ מידער
און דער רייטער — פונעם פערד. —
פערד און רייטער אויף דער ערד!

נאָר צו וואָס די לאַנגע שהיות? —
כ׳האָב געמאַכט שוין פיל נסיעות:
מיט דער שיף און מיט דער באַן;
מיטן פליִער — עראָפּלאַן;

איבער וואָלקנס אין די הייכן. —
נאָר אַזאַ מין הייך דערגרייכן,
אונטן, ביי דער סאַמע ערד —
בלויז אַ זיידן איז באַשערט!...

מײַ, 1961

# סטאַנציע 60

סטאַנציע 60. — וואַרט, מאַטאָרמאַן!
שטעל דאָ אָפּ די באַן אַ רגע:
כ'דאַרף מיין רענצל איבערפּאַקן,
דאָס געפּעק מיינס איבערוועגן.

איבערשאַצן מיין פאַרמעגן
און וואָס נייטיק — איבערפּרײַזן...
זען, וואָס איך האָב מיט צו נעמען
אויף מיין ווייטערדיקער רייזע.

זען, וואָס איך האָב איינגעזאַמלט
אין מיין אַלטן רייזע־רענצל. —
איינס איז זיכער: מיין ירושה
האָב איך, אסור, נישט צעטרענצלט...

אַלץ, וואָס כ'האָב פון האָרעפּאַשנע
טאַטע־מאַמע אָפּגעירשנט,
איז: דעם שטעטלדיקן דלות
און דעם גלויבן אינעם הארצן.

האָב איך — ווי אַ גוטער יורש —
ביידע גיטער אָפּגעהיטן:
כ'האָב דעם דלות נישט פאַרמינערט
און דעם גלױבן נישט צעביטן.

כ'האָב דעם גלויבן בלויז באַזיניקט:
אויב שוין פירן צו עקדה
פאַר דער געטלעכקייט דאָס לעבן,
איז מיין געטלעכקייט — די עדה.

— ?וועלכע איז די עדה מיינע
אַלע דורות איינגערינגלט:
— פון דעם ערשטן געצן־ברעכער
ביז דעם לעצטן געטאָ־יינגל;

ביז די הייליקע פאַרשווערער
קעגן אַלע געטאָ־צוימען,
ביז די סאַמע, סאַמע לעצטע
צוימען־ברעכער אין די רוימען...

— און פאַרביטן האָט דער דלות
— אָט־דער שפּלדיקער פאַריער
בלויז דעם נאָמען: „קבצן, נעבעך!”
אויפן שטאָלצן פּראָלעטאַריער.

פּריִער, פּשוט: פּראָלעטאַריער,
— .שפּעטער: — אינטעלעקטועלער
איך בין מיט מיין דור אין איינעם
אויפגעגאַנגען פון דעם קעלער...

און דער גאַנג פון טוכלע קעלער
צו דער וועלט — איז ווייט און ווונדיק.
— ווי פון אַלטן בבל־טורעם
ביז דעם קאָסמאָסדיקן לוניק.

ס'איז אַ באַרגאַרויף אַ שווערער,
צו דעם שפּיץ פון מענטשס ניצחון,
— דאָך: אויף אַלע פיר צו קריכן
וואָלט איך אויך אַרויף געקראָכן!

נישט די תליות אויף די וועגן,
נישט מיידאַנעקס און אָשוויענטשימס.
— וועלן שוין דעם גאַנג פאַרשטעלן
דעם אַרויפגאַנג פון דעם מענטשן!

מיט אַ טראַט — אַן אָפּגעזוּנקטן,
איבער אַלע שריפות, סקילעם —
שפּאַנט דער מענטש צו נביא־חלום —
צו דער וואָלף און שאָף־אידיליע...

שפּאַנט מײַן טראַט מיט טריט צוזאַמען,
פון סוף־פּסוק — צו התחלה,
אַז דער פעלקער שמחת־תורה
זאָל נישט טרעפן מיך אין פּאַליש.

אַז מיט אַלע מענטשן־תורהס
אויפן ברייטן וועלט־באַלעמער,
זאָל מען מיינען: — פון באַרג סיני,
ביז די אַנדן — נישט פאַרשעמען!...

מאַרץ, 1960.

# פון זוניקן אַרגענטינער צפון

## בראשית

ווי צעבלויט דער הימל!
וויפל זון און בליק! —
אַזש דאָס האַרץ נעמט קלעמען
פון אַזוי פיל גליק!

און דאָס אויג נעמט טרערן
פון דער זונס באַריר,
ווי ס׳וואָלט היינט בראשית
זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר...

## זון אין די בערג

פון די בערג גייט אויף די זון,
גייט פאַרנאַכט דאָרט אונטער. —
צינדט זי אָן די בערג גאַנץ פרי
און ווי איין שטיק צונטער
פלאַקערן די בערג פאַרנאַכט
אין אַ פייער־עיגול,
ביז לבנה שפרייט דאָרט אויס
אירע זילבער־פליגל.

## טשאַקאָ־וועלדער

וואַלד. געדיכטער דזשאָנגל־וואַלד.
גרינער פלעק אויף מדבר־זאַמד.
איבער אים דער הימל — בלוי,
אויף זיין קאָפּ אַ זון — אַ בראַנד!

אין זיין גרינעם שוים — די שלאַנג,
סאָוועט אין געצייג ביינאַכט,

האָבן אין זיין לאַנגן שלאָף
איבער אים געטריי געוואַכט.

ביז עס האָבן האַק און זעג,
אונטער שרפּעדיקער זון,
אין פאַרברוינטע העקער־הענט —
אים פון שלאָף אַוועק געטאָן.

כאַפּט זיך אויף דער וואַלד פון שלאָף,
רייבט די אויגן אויס אין שרעק:
ווער האָט אים, דעם אַלטן וואַלד,
פון בראשית־שלאָף צעוועקט?

ווער בויט הייזער אין זיין שוים?
ווער צעצינדט די נאַכט אין פלאַם?
און ווער האָט די שאַרפע האַק
אויפגעהויבן אויף זיין שטאַם?

פרעגט אַליץ אויף זיין שפּראַך דער וואַלד,
צאַפּלט זיך פאַר שרעק און פרעגט. —
נאָר עס פאַלן זיינע רייד
אויף דער שאַרף פון האַק און זעג.

און אַ באַן כאַפּט אויף די רייד,
מיטן האַליץ פון וואַלד ביינאַנד —
און צעיאָגט זיך מיט געפייף
איבער אַלע עקן לאַנד.

# וויסטע ערד

אַ גרויסער זאַמד־ים,
אַ סופּלאַזע וויסטע!
די ערד צעטריקנט פון דורשט,
מיט מײַלער אויפגעריסענע צום הימל,
לעכצט אַ טראָפּן רעגן.
ווינטן הפקרן:
דרייען וואָלקנס זאַמד און לופט,
ווי אין אַ שדים־טאַנץ;
פאַרכלינען זיך מיט שטעכיקע קאַקטוסן
און פאַרגייען זיך אין אַ וועלפישן —
וו־י־ו־ה־ו־הו!!!

קאַראַנטשעס הונגעריקע,
רויב־גיריקע,
מיט אָנגעשפּיזטע בליקן און שנאָבלען,
קרייזן איבער דער וויסטער ערד:
לויערן אויף נבלה־פליש,
אויף אַ צעשראָקן דורכלויפנדיק פעלדמײַזל,
אויף אַן ערשט־געבוירן ציגעלע,
נאָך רעכט נישט אָפּגעטריקנט פון דער זון.
ציגן — די זשעבּרעס איבערצוציילן —
שאָקלען מיט די שיטערע בערדלעך,
נישטערן צווישן די פאַרחלשטע קוסטעס:
אַ בלעטל,
אַ פאַרשרפעט גרעזל,
אַ שטיקל געשפּאָלטענע בוים־קאָרע —
דאָס ציגענע הערצל צו דערקוויקן.

סאַוועס אויף צוים־סלופּקעלעך צעשטעלט,
פּראָפעסאָריש־ערנסט־באַברילטע,
גלאָצן מיט גרוים־צעעפנטע בלינדע אויגן

אין בלענדנדיקן טאָג אריין —
טרוימען פון זייער קעניגרייך — נאַכט.

ראַנטשעס — שוואַלב-נעסטן פון בלאָטע;
בערגלדיקע אינדזעלעך אויפן זאַמד-ים;
לעבעדיקע מענטשן-קברים —
אַ מדבר-בית-עולם פון באַוועגלעכע סקעלעטן.
אַרום די קברים:
באָרוויסע, קרומפיסיקע קינדער,
אין חברותאָ מיט דאַרע הינט,
מיט יאַטערדיקע אויגן.
געטריבן פון הונגער-בייטש,
יאָגן זיי פיילפונבויגן
אַקעגן דער אָנלויפנדיקער באַן,
גלאָצן שטום-שרייענדיקע אויגן
צו די באַנפענצטער:
אַ שטיקל ברויט!
און קינד מיט הינט פאַרמעסטן זיך:
ווער וועט זיין פלינקער...

ווייבער — ברוינע צעכראַסטעטקייט קעגן דער זון —
מיט עמערס און איילבלעכן אויף די קעפּ,
שלעפּן זיך מײלן-ווייט,
זוכן בלאָטיק ריטשקע-וואַסער —
פּעסט פאַר די געדערעם.

אויפגעסטויגטע, הויכרעדערדיקע וועגענער,
מיט אָפּגעריסענע וואָגל--געזינדלעך:
קינד און קעץ איינגענורעט אין די בעבעכעס,
דערוואַקסענע און הינט — ביים וואָגן,
בלאָנקען איבער די וויסטע וועגן,
זוכן אַ חודש אַרבעט אין דער פרעמד.
מיד פון צעגליטן זאַמד אונטער די טריט,
פון דער חמימה-זון איבער די קעפּ
און פון זלידנע הונגער אין די קישקעס,
זעצט מען זיך צו ביים וועג,
אין דורכגעזיפּטן שאָטן פון אַ קאַקטוס,
עס צעקנאַקט זיך אַ פּייער פון טרוקן גראָז,
איבערן פייער — אַ שטיק פלייש אַרויפגעשפּיצט —

בראָט מען אַסאַדע פון פעלדפּאַנג;
מען פאַרזיפּט אַ ביטערע מאַטע.
דערנאָך פינגערט ווער אוים אויף אַ גיטאַרע
נאָגנדיקע גראַמען;
מען לאָזט זיך אין אַ באַרוועסטאַנץ —
נישטאָ וואָס צו פאַרלירן...

פאַרשוואַרצט-חנעוודיקע מיידן,
מיט פעכשוואַרצע קעפּ,
מיט קינדערשער אומבאַהאָלפנקייט
אין די שוואַרץ-גליִענדיקע בליקן,
מיט אָפּגעריבענע רענצלעך,
פאַרבונדענע מיט שטריקלעך,
לאָזן זיך אין די מרחקים —
אין לאָקנדיק-שרעקנדיקן בוענאָס-איירעס:
אפשר וועט אָפּגליקן צו פאַרדינגען
די גראָבע-דאָרפישע הענט
צו אײדעלע שטאָט-באַלעבאָסטעס.

ווען די טאַליע פון איינער
נעמט פולער ווערן,
נישט אַזוי פון די גוטע קעסט,
ווי פון די פאַרליבענישן:
פון באַלעבאָס,
פון די בנים,
אָדער פון אַלע צוזאַמען —
וואַרפט מען אַזאַ איר טלומעקל צו די פיס,
אַמאָל אויך — אַ שאַנדהונדערטער;
מיט זידלערייען טראַסקעט מען צו נאָך איר די טיר:
געזען אַ חצופה!
גיי האַלט אַזעלכס אין אַן אָנשטענדיק הויז...

***

אַ סופּלאַזע וויסטע!
די ערד מיט אויפגעריסענע מיילער צום הימל
לעכצט אַ טראָפּן רעגן.
דער מענטש מיט אויפגעריסענע אויגן,
בלאָנדזשעט איבער וויסטע וועגן
און לעכצט נאָך אַ טראָפּן גערעכטיקייט...

# צוויי שטעטלעך

אויף די ברוינע פעלזן־ברעגעס,
אויסגעהאַקט לויט איין פּאַסאָן,
דרימלען באַרוויסע צוויי שטעטלעך:
פּאָסאַדאַס און ענקאַרנאַסיאָן.

אין דעם פּאַראַנאַ געבאָדן,
פון דער זון פאַרברוינט צוגלייך —
זעט איר אויס, ווי צווילינגס־שוועסטער,
צוגעוואָרפענע ביים טייך.

ס'וועקט איין שטעטל זיך באַגינען
פון דעם צווייטנס הענער־קריי. —
דאָך איז איינס: מיין אַרגענטינע,
ס'צווייטע איז: דיין פּאַראַגוואַי...

ס'בערגלען זיך אויף ביידע ברעגעס.
הייזקעס — מייזן־לעכער נאָר,
אין די הייזקעס — אַלע ראַסן —
אין איין הונגער־פּאָלק געפּאָרט.

קינדער, קאָרענע, שוואַרצקעפּיק,
שוואַרצע אויגן — טראָפּיק־פלאַם,
מיט בלויאויגיקע פאַרצווילינגס,
מיט ווייצקעפּיקע פאַרשטאַמט.

אין די העלע ווייצן־קעפּלעך,
אין די אויגן — בלויער־בלענד,
וואָלטן פיל פון מיינע לאַנדסלייט
זייער אייגן בילד דערקענט...

שיפעלעך, ווי נוחם תיבה,
שיפלען זיך פון ברעג צו ברעג,
ס׳פירן פּאַראַגוואַיער „אינדיאַס"
אין די בוזימער פאַרשטעקט:

פלעשער „קאַניאַ", „ניאַנדוטי" [1]
און ציגאַרן, בייכיק־גראָב.
און אַ פולן קויש מיט הינער —
טראָגט פאַר זיך אַליין דער קאָפּ...

אויף צוריקוועגס פון פּאָסאַדאַס
פירט מען ברויט אַהיים און מעל, —
טרייבט מען דורך אַ ווייל דעם הונגער —
וואַרט ער היימיש אויף דער שוועל.

*
* *

פּאָסאַדאַס און ענקאַרנאַסיאָן —
הונגעריקע שוועסטער צוויי,
כאָטש ס׳איז איינע — אַרגענטינע
און די צווייטע — פּאַראַגוויי...

---

1 ניאַנדוטי — קינסטלעכע האַנטגעוועב, געמאַכט פון פרויען.

# אַנדן־פּאַנאָראַמע

עס שלאָגט זיך די באַן פון כוחות אַרוים
אין ווילדוועג פון אַנדישער הויך:
זי דרייט זיך אין קרעמפּן, קרעכצט אונטער און הוסט
אַסטמאַטיש מיט סאַדזע און רויך.

דער וועג איז אַ שמאָלער, די אָפּגרונטן טיף;
עס גלאָצן די תהומען אַרויף
און וואָרענען שטום מיט אַ פינצטערן בליק:
היט אייך! האַלט איין דעם גלויף!

עס פּלוידערן שטראָמען און וועקן פון שלאָף
דעם אַלטן פאַרשטיינערטן ריז;
און לאָזן זיך רעשיק, זיגזאַגיש אַראָפּ
צו זיינע ברוין־פעלזיקע פיס.

און ס׳קען נישט קיין שטרויכלונג פאַרהאַלטן דעם שטראָם —
פאַרברידערט מיט שטראָמען אין גאַנג;
דער גרויסער פאַרמעסט פונעם שטראָם מיטן פעלדז
געדויערט אַן אייביקייט לאַנג...

אָט יאָגט אַ צעזונגענער שטראָם אויף אַ פעלז,
פאַרלירט זיך אַ ווײַלע, טרעט אָפּ
און גיט זיך מיט כוחות באַנייטע אַ טראָג
אַריבער דעם פעלז, באַרגאַראָפּ.

און ווו ס׳איז אַ פעלז אויסגעוואַקסן צו הויך,
פאַרגייט אים דער שטראָם אַרום רונד;
און ווו עס איז נייטיק — פאַרגראָבט ער זיך טיף
און שטראָמט אויף געלייטערט פון גרונט...

עס טרעפט אויך: אַ שטראָם איז אין לויף באַרגאַראָפּ
פאַרגליווערט געוואָרן, פאַראײַזט,
ביז אים האָט אַ הייסער, אַ זוניקער קוש,
פון פראָסטיקן אָטעם דערלייזט.

עס שלאָגט זיך די באַן פון די כוחות אַרוים
אין באַרג־לאַבערינט, אַראָפּ און אַרויף;
ער צינדט אָן מיט פונקען די בערג אין דער נאַכט,
דער הימל מיט שטערן גליט אויף.

און ס'פינקלט מיין בליק דורך די פענצטער פון באַן —
אַ פונק צווישן פונקען צעגליט;
מיין בלוט — נאָך אַ שטראָם צווישן באַרגשפּיץ און תהום.
אין שטראָמיקן כאָר מיט אַ ליד.

# אין לאַנד פון קופּער־מינעס

טשילע איז אַ קינד פון ליבע
פון צוויי ריזן, צוויי גיגאַנטן:
ס'איז איר טאַטע דער פּאַסיפיק
און איר מאַמע טראַכט — די אַנדן.[1]

איר צוקאָפּנס — הויכע שטיינבערג,
רויט־באַזוימטע אין באַגינען;
איר צופוסנס — בלויע כוואַליעס;
דאָס געלעגער — קופּער־מינעס.

שיין, דאָך הארט איז דאָס געלעגער
אויף די קופּערנע מאַטראַצן...
און דערפאַר אַזויפיל פייער
אין צעצונדענע שטורקאַצן.

אומרו־פייער אין די פענער,
אין דעם באָרוועסן מאַרשירן,
אין געזאַנגען פון דעם „ראָטאָ"[2]
פאַר „מאַנעדאַס"[3] שטרענגע טירן.

ס'האָט דער שינאה־פלאַם פון „ראָטאָ",
פון די האַרטע קופּער־מינעס,
אויפגעטויכט פון אירע טיפן
און אין פענער זיך צעמיניעט...

---

[1] אַנדן — די אַנדנבערג.
[2] ראָטאָ — אָפּגעריסענער — נאָמען פאַרן אָרעמען שיכט.
[3] מאָנעדאַ — רעגירונגס־הויז.

# נאַכט אין סאַנטיאַגאָ

פון בארגשפּיץ „סאַן קריסטאָבאַל״
קוקט אַראָפּ די שטיינערנע בתולה
אויף דער קיל צעפינקלטער סאַנטיאַגער נאַכט.
זי רייבט די פאַרשלאָפענע אויגן אויס
און זי שטוינט:

נישט שוינזשע איז דאָס די גאולה,
וואָס זי האָט אין איר בתולה־טראַכט,
אין איר מיידל־מוטער־שויס,
אויסגעטראָגן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק?

ווי דעמאָלט אין איר אביונישן גליל
נעכטיקן דאָ קינדער אונטערן בריק,
אין חברותא מיט קרעציקע הינט;
מיט הונגער־גאַבריל
אין די פאַרשטשעמעטע ציין;
מיט ברוקשטיין
אונטער פאַרוואַרלאָזטע קעפּ.

פאַר די מירמלטרעפּ
פון איר הייליקן הויז
בליט דער מאַרק פון מיידל־לייב;
דער שוים פון קינד־ווײַב
ווערט פון אַלטן נואף געשענדט;
עס עיפּושן די ווענט
פון יעדן פינצטערן ליק
מיט זנות און השתנה־געפויל.

פון איר עלנט־פאַרשטיינערטער הויך
קוקט הילפלאָז די בתולה

צו דעם גרויל,
צו דעם עלנט פון טאָל;
זי וואַרפט אַריבער אַ בריק
איבער דעם נעפּל פון צייט;
פון היינט — צום אַמאָל;
איבער דער ווייט:
פון די אַנדן — ביז די בערג פון יהודה;
פון עמוס — ביז פּאַבלאָ נערודאַ
און זי שטוינט:
אומעטום דאָס אייגענע געשטאַלט!...

זי בליקט אַריין אין יעדן באַרגשפּאַלט,
ווי אין אַ שטיינערנעם בויך;
אין יעדער פינצטערן ליק;
אויף דער שוועל פון יעדן הויז —
און אומעטום אַ צעצונדענער נקמה-בליק!
אַ שטיינערנע נקמה-פויסט,
אַן אומענדלעך צעבליטער פויסטנוואַלד!

נישט שוינזשע איז דאָס די גאולה?

סאַנטיאַגאָ — טשילע, דעצעמבער, 1951.

# לאַ פּאַז [1]

אין דיין שאָטן, אילימאַני, [2]
הויקערט זיך דיין הויפּטשטאָט, לאַ פּאַז.
לאַ פּאַז — אַ ווייסע שלום-טויב
אויף אַ ברענענדיק פּולווער-פאַס.

דיין לאַנד: אַ געהאָרבעטע קעמל
אין אַמעריקעס קאַראַוואַן...
דיין פאָלק: דאָס גרויע אַלטערטום
אין שכנות מיטן עראָפּלאַן.

אַ פאָלק — אַן אַנטיקן-מוזיי
איז פּלוצלינג — אויף וועמענס געבאָט —
אַראָפּ פון די שטויביקע ווענט
אויף זוניקע גאַסן פון שטאָט.

צעשאָטן די באָרוויסע טריט
אויף גאַסן פון שפּיציקן שטיין;
צעבונדן פון גליווער די הענט,
צעפּענטעט די פיס אינעם גיין.

און מיילער פון קאָקאָ [3] פאַרשוואַרצט —
צעעפנט מיט רייד און מיר ליד;
און בליקן — פאַרטונקלט אין שאַכט —
האָבן מיט ווילן אויפגעגליט.

---

[1] לאַ פּאַז — הויפּטשטאָט פון באָליוויע, מיינט אויך שלום.

[2] אילימאַני — דער שענסטער פון דער קייט בערג, וואָס רינגלט אַרום לאַ פּאַז, האַלט 8.500 מעטער די הייך.

[3] קאָקאָ־בלעטער, וואָס די באָליוויאַנער קייען און פאַרטויבן מיט אים דעם הונגער.

אַ לעבן פון אונטער דער ערד,
פון זילבערנע נישעס אַרויס,
אַרויס איז אויף גאַסן לאַ פּאַז,
מיט חלום אין בליק און מיט פויסט.

# גיגאַנטיש

(בראַזיליאַנער מאָטיוון)

פון דעם ווייטן הייסן צפון
ביזן דרום פון אַטלאַנטיק,
וואַקסט דאָ אַלצדינג און געדייַעט
מיט אַ ריזנוווּקס — גיגאַנטיש:

האָבן דאָ די בערג־קאָלאָסן
הויך און שטאָלץ די קעפּ פאַרריסן,
אַזש די גאוותדיקע כמאַרעס
פּלאָנטען זיך ביי זיי צופֿוסנס.

און די אַמאַזאָנען־וועלדער —
זעלטן האָט אַ האַק צעציטערט,
זעלטנוועז האָט דאָ אַ זונשטראַל
זייער אורנאַכט דורכגעשפּליטערט.

אויך די אייביק־גרינע פּאַלמען —
אַלטע טראָפּישע יחסנים —
קערן אויס דעם בלויען הימל,
פאָכען היימיש אים אין פּנים.

הינטער יעדער טיר און פענצטער
גרינען־גאָלדיקן באַנאַנעס;

מיט דער גרויסער שפּע קאַווע —
שפּייזט מען דאָ די פיש אין ימען.

און פון ווייטן הייסן צפון
ביזן דרום פון אַטלאַנטיק —
שפּרייזט אַ באָרוויסער דער הונגער
מיט אַ ריזנטראָט — גיגאַנטיש!...

סאַן־פּאַולאָ, דעצעמבער, 1955.

# שוועלן

אַ פֿאַרמעסט אויף טויט און לעבן
גייט דאָ אין אַ טעמפּ אַ שנעלן;
פֿון די העכסטע וואָלקנקראַצערס
מיט דער היימלאָזיקייט אויף שוועלן...

וואַקסן הייזער — דאַך אויף דאַך —
יאָגן שטיבער איבער שטיבער,
נאָר די דאַכלאָזיקייט, מיין פֿריינט,
יאָגט דאָ אַלעמען אַריבער.

שוואַרצן זיך אויף ווייסע שוועלן
פֿון די מירמלנע פּאַלאַצן,
פֿנימלאָזע שאָטנס עלנט
און פֿאַרשאָטענען די גאַסן.

איז אַ צייטונג — אַ מאַטראַץ
און אַ שוועל איז דאָ אַ קישן;
און די פֿרישע קעסטלעך מיסט —
די אומזיסט-געגרייטע טישן.

און עס טרעפֿט זיך אָפֿט, אַז שוועלן
זאָלן כּלה-בעטן ווערן;
פֿאַר באַהעפֿטונג פֿונעם עלנט —
נייעם עלנט צו געבערן...

סאַן פּאַולאָ, דעצמבער, 1955

# בעלאָ האָריזאָנטע [1]

שיין ביסטו, בראַזילס מעזינקע,
ווי דיין נאָמען ביסטו שיין!
ווי דאָס גאָלד אין דיינע מינעס
אין די אָדערן פון שטיין.

דיינע ביימער — גרינע קודלעס
צווישן פּאַלאַצעטן ווייסע;
דיינע גאַסן — פּאַרקאַלייען;
און דיין פּאַרק — אַ קינדער-מעשה.

ס'איז דיין פּאַרק אַ בלומען-טעפּיך
פאַר שפּאַציר, ראָמאַנס און שפּאַס;
און אַ בעט פאַר די — אָן בעטן,
פאַר די בירגער פון דער גאַס.

רייך ביסטו, בראַזילס מעזינקע!
און דיין נאָמען איז געגרויסט;
ס'איז דיין אָטעם — בלומען-ריח
און פון גינגאָלד איז דיין שוים.

וואָס אָן אמת: נישט גאָר צערטלעך,
נישט גאָר מוטערלעך דיין שוים:
ווען דו האָסט אויסגעצערטלט —
איז אָן לונגען דאָרט אַרוים...

[1] בעלאָ האָריזאָנטע — שיינע האָריזאָנטן — דער נאָמען פון דער יינגסטער שטאָט אין בראַזיל.

# אָוונט אין דאָרף

(מיינע קאָלאָניסטישע פריינט)

די גרינקייט פון פעלדער מיט זון דורכגעשפרינקלט,
פארהילט זיך אין שאָטן, נעמט טונקעלער ווערן.
שוין האָט זיך א שטערן אָן ערשטער צעפינקלט;
די פענצטער צעפלעמלען זיך שוין מיט לאמטערן.

און פערדישע טלאָען אויף שטויביקע וויטן
צעפויקן זיך ריטמיש אין אָוונט אין שטילן;
דאָס לאָזט זיך א בחור צום מיידל איצט רייטן
און רייט א באגלייטער פון הינטישן בילן.

עס מעקעט א קעלבל פארבענקט צו דער מאמען
און ס'ענטפערט די קו מיט א „מו״ אויסגעצויגן;
און שטרעקט אוים איר קאָפּ דורך די דראָטענע צאמען,
צום קעלבל, מיט טרויעריק-מאמישע אויגן.

שוין נעמט די לבנה מיט זילבער מיט ריינעם
באגיסן ברייטהארציק די פעלדער די גרינע;
א הונט טוט א יאָג זיך און ברענגט אין די ציינער —
א טכויר, וועלכער האָט זיך געשארט צו די הינער.

און וויל זיך אַ שכן מיט שכנים דורכשמועסן,
שפאַנט ער די סולקע, פאָרט צו צו א טויער. —
נעמט איינער ביים צווייטן אָפּ שטעטלשע גרוסן,
מען ווערט אויך פון וועלטלעכע נייעס געוווירער.

# צו־גאַסט אין קאָלאָניע

וויפל הימל, וויפל פעלד
שפּיגלען זיך אין דיינע אויגן!
און די זון שיסט פיילן גאָלד
פון איר בלויען הימלבויגן.

אין דער מיט פון גרינעם פעלד,
אינעם שאָטן פון די ביימער,
גרויען זיך פון האָלץ און ליים
קליינע קאָלאָניסטן־היימען.

ביסטו מיד פון ווייטן וועג,
ס'איז מיט שוים דיין פערד פאַרלאָפן,
איז אַ שוועל דאָ און אַ דאַך,
טייל מאָל אויך אַ האַרץ אַן אָפנס.

זועט מען דיך פון גאַנצן האַרץ
צו דעם פּראָסטן טיש פאַרבעטן,
כאָטש דעם פויערס שפּראַך איז קאַרג
און זיין ברויט מיט שווייס געקנעטן.

***

וויפל האָט די מידבר־ערד
מיט זיין שווייס זיך אָנגעזויגן,
ביז עס האָט אַ גרינע וועלט —
אויפגעבליט פאַר דיינע אויגן!

# פלאָרידאַ

פלאָרידאַ!
בלומענגאַס פון בוענאָס איירעס;
שפּאַצירגאַס פאַר טוריסטן;
גאַס פון גלאַנציקן אַספאַלט און שפּיגלדיקע שויפענצטער;
גאַס פון געמיטלעכע נאַכמיטיק־שפּאַצירער.
פון בוענאָס איירעסער באַהעמיע און ראָמאַנטישע ווייבער.
פון דער גאָלדענער, פּוסטער אַוואַנטורע־יוגנט,

גאַס פון יום־טובדיקע ערשטע מײַ־מאַניפעסטאַציעס.
פון פּראָטעסט און שטרייק־מאַרשן.
גאַס פון קונסט־סאַלאָנען,
פאַר אויסשטעלונגען פון אוניווערסאַלן גייסט,
אויסגעשפּילט דורך פאַרבן, ליניעס און קלאַנג.

דורך דײַנע פענצטער קוקן ריזן:
שעקספּיר, סערוואַנטעס, וואָלט וויטמאַן, טאָלסטאָי;
זיי נעמען זיך אַרום מיט אונדזערע:
כאָסע הערנאַנדעס, אַלפאָנסינאַ סטאָרני —
מיט אַלע, וואָס שמידן דעם אייביקן מעשה־בראשית.

גאַס, פון וועמען עס חלומען מיליאָנען אַרגענטינער:
צו טרעטן אויף דײַנע יום־טובדיקע טראָטואַרן;
אויף דײַן מיטנוועג,
וואָס ווערט נישט באַלעסטיקט פון הודזשענדיקע אויטאָס.

פלאָרידאַ,
יחוסדיקע שכנה
פון רײַכן, וואָלסטריטער סאַן מאַרטין,
אין וועמענס פּראָוואָצירנדיקן רייץ
עס פאַלן פּראָטעסט־שטיינער פון די הונגעריקע.

פלאָרידאַ,
בלומענגאָס מיינע!
איך מיינע טריט קלאַפּן אויס דעם ריטעם פון דיינע שפּאַצירנדיקע.
דעם ריטעם פון מיין אייגן געמיט
און פאַרוועבט אים אין פּערזן פון מענטשן-ליבע: —
פון אַ יהי אור — אין מענטשנס האַרצן...

# וואָגל־ברודער מיינער!

פון וועלכע וועגן איז די בלאַסע אויף דיינע באָרוויסע פיס,
וואָגל־ברודער מיינער?
פון וועלכע שליאַכן איז דער שטויב אויף דיין אָנהעמדיקן לייב?
פון וועלכע תהומען איז דער טרויער צעפּינצטערט אין דיין שטומען בליק?
ווער ביסטו, וואָגל־ברודער מיינער?

**האָט דיין ווילד־פאַרוואַקסן פּנים געפילט ווען דעם טעם פון אַ מאַמעס גלעט?**

האָט אַ שמייכל פון אַ פרוי ווען דיין האַרץ צעצאַפּלט?
האָט דיין בליק ווען מיט אַ בליק זיך צעקושט?
האָט דיין אויער פאַרנומען די מוזיק פון וואָרט: טאַ־טע?

דיינע טעג זענען אויף בעטלער־ברויט צעקרישלט.
דיינע נעכט — אויסגערויכערטע אין די עלנטע וועג־פייערלעך.
דיין היינט — אויף פרעמדע פליינען צעשטויבט.
און דיין מאָרגן — אויסגעטריפט פון דיין בליק.

בלויז אַ שפּליטער פון נעכטן, אַ פאַרמיניעטער בליאַסק,
ראַיעט נאָך אפשר אין דיין פאַרנעפּלטן זיכרון.
וואָגלען צו אים דיינע באָרוויסע טריט —
און קענען אים נישט אָניאָגן.
שלייכסטו זיך נאָכן פאַרקלונגענעם וויגל־ניגון דיינעם —
די איינציקע גערעכניש אין דיין צעכראַסטעטער ברוסט —
און קענסט אים נישט דערגרייכן...

# צו אַ ברודער אין ראַנטשע[1]

מיין געפלאָכטן, הענגענדיק וויגל
האָט זיך געבאָמבלט ווייט פון דיינעם,
ווי ווייט ס'איז דער בוג פון דעם פלאַטאַ.
דיין לשון איז פרעמד געווען מיינעם;
דיין גלויבן מיט מיינעם — צוויי קראַטערס...
דיין ניגון — אַ פרעמדער מיין ניגון.

דאָך האָט אונדז איין שטערן געהיטן,
באַשטראַלט אונדזער וועג פון געבוירן:
איך האָב מיין באָרוועסן וואָגל
אין שנייִיקן פליין איינעפרוירן;
און דו האָסט דיין באָרוועס געטראָגן
אין פּאַמפּאַ, אין זאַמד אין צעגליטן.

דיין ראַנטשע — פון איין האַנט געקנאָטן
מיט מיין איינגעהויקערטער כאַטע;
און מיינער — דאָס נידעריקע דעכל —
פון אַלטקייט פאַרגעלט, פליכעוואַטע;
און דיינע — פון לעכער אויף לעכער —
פאַרשטאָפּטע מיט ליים און מיט בלאָטע.

דערפאַר — כאָטש דורך וועגן דערווייטערט —
מיר האָבן איין חלום געשפּונען,
אַ חלום אַ דרייסטן, אַ העלן:
אַ צווינג טאָן דעם טאָג צו באַזונען
די באָרוויסע, ברויטלאָזע שוועלן —
אַ חלום אַ העלער, אַ דרייסטער...

[1] ראַנטשע — אָרעמע הייזקע.

# עלעגיש

ס׳רופט שוין צו דער מנחה־תפילה
בין־השמשות אויף די שויבן,
כאָטש מיין האַרץ האָלט ערשט ביי שחרית
און די ליפּן — ביי מה טובו.

גיי דערצייל דעם האַרץ, דעם יונגן,
אַז עס גרויען מיינע האָר שוין,
אַז אויף מיינע פענצטער־שויבן
שאָטנט שוין דער בין־השמשות.

לערן מיטן האַרצן לאָגיק,
אַז פון יעדער לאָגיק לאַכט עס,
אַז עס ווייסט נישט פון קיין שקיעה
און עס דאַוונט שטענדיק שחרית...

אַז עס שעפּטשעט אַלץ באַגייסטערט
מיט די ליפּן, פרום: — מה טובו!
עך, מיין האַרץ, דו מיינסט אַוודאי,
אַז דאָס טוסטו מיר אַ טובה!...

# נאָך דײַנע טריט

מיין שוועל האָט זיך אין טוי געוואַשן —
אויף דיינע טריט געוואַרט.
די זון האָט איר טוי אַראָפּגעקושט
און פאַרגאַנגען באַצערט —
דו ביסט נישט געקומען.

איז מיין טראָט איבער וואַנדער־וועגן
נאָך דיינע טריט אַוועק;
צו הויכע באַרג־שפּיצן דערקלעטערט,
צום ימס באַגרינטן ברעג —
און דיך נישט געפונען.

האָט די בענקשאַפט מיין האַרץ באַפרוכפּערט,
אין פערזן זיך צעצוויט,
זענען פלאַטערנדיקע צוויטן
געפאַלן צו דיינע טריט —
און דיך צו מיר געפירט...

# טראַפּיש

אויף טראָפּישע ערדן, אין אייביקן זומער,
ווו ס׳וועלבן די הימלען זיך טיפער און בלויער —
דאָרט צינדן זיך מענטשלעכע בלוטן אין שייטערס,
דאָרט פלאַמען די בליקן מיט ליבע און טרויער.

דאָרט העפטן אויך ביימער אין ליבע צוזאַמען —
ווי מענטשלעכע אָרעמס — די מעכטיקע צווייגן;
ווי פינגער געפלאָכטן אין פיבער פון ליבע,
אויף שטילע אַלייען, אין שטורמישן שווייגן.

אויף טראָפּישע ערדן אין שאָטן פון פּאַלמען,
ווו ס׳פלאַמען די בליקן פאַרשייַטער און פרומער —
דאָרט האָט זיך מיין בענקשאַפט מיט דיינער באַהאָפטן,
ווי צווייגן מיט צווייגן — אין טראָפּישן זומער.

ווי שטאַמען מיט שטאַמען, פאַרצווייַלינגט — איינגופיק:
צו וואָרצלען, וואָס טיפער, צו צווייגן, וואָס העכער;
צו עפענען קנאָספן, ווי דורשטיקע ליפּן
און טרינקען די ליבע פון בלומיקן בעכער...

# באַשנייטע האָר

יאַ:
ערשטער שניי האָט שוין פאַרפּראָשעט דיינע האָר! —
איז נאָר —
אויף אונדז אַלע אַזאַ יאָר,
ווי ס'פּאַסט דיר צום פּנים.

בלויז נאַראָנים
קענען נישט פאַרשטיין,
אַז שיין
איז די רייפע, צעגאָלדיקטע זאַנג,
ווי די, וואָס איז צעגרינט.

אַז רייפער גאַנג,
דער טריט, וואָס איז באַזינט,
איז שענער אַפילו פון שענסטן טאַנץ.

דער בליק, וואָס צעגלאַנצט
מיט פלעמלעך פון שכל —
איז אַ היכל
פאַר געבעט,
וואָס מען באַטרעט
מיט אויסגעטועגע שיך.

גרוי איז קערנדיקער איך
אויסגעבריט אין צייטפּייער;
גרוי איז פולער שייער
מיט זאַנגען רייפע.

באַשנייטע שלייפן
זענען קנאָספּן פון געדאַנק;

אַ טאָן אין געזאַנג;
אַ סאָלאָ אין כאָר.

באַשנייטע האָר
איז בלי פון ווילן;
טיפקייט פון פילן.
באַשנייטע האָר
איז נישט קיין ליבע שפּילן,
נאָר ביין פון געביין —
די ליבע אַליין.

באַשנייטע האָר:
— אויף אונדז אַלע אַזאַ יאָר!...

# אין דײַן שטאָט - אָן דיר

אויף די גאַסן פון דיין שטאָט —
וויינט מיין טראָט,
וויינט מיין טראָט.

עס פרעגט פאַרחידושט יעדער שטיין:
— אליין?!

עס גלאָצן שויפענצטער צו מיר:
— אָן איר?!

עס בענקט דאָס זאַמד ביים ים צעגליט
נאָך דיינע טריט.

עס פרעגט דער גאָרער ים ביים ברעג:
— זי איז אַוועק?

כוואַליעס ענטפערן דורך ברומען:
— אַוועקגעשווומען!...
אַוועקגעשווומען!...

# פון דער שיף

פאַמעלעכל פויזעט די שיף אָפּ פון ברעג
און וואַשט זיך נישט גערן אין ימשום דעם ווייסן,
ווי זי וואָלט מיין בענקשאַפט מיט מיר דאָ געטיילט
און קען זיך, ווי איך פון דיין ברעג נישט אָפּרייסן.

שוין לאַנג, ווי עס האָט צו דיין שוימיקן ברעג
קאָלומבוס זיין גאָלדיקן חלום געשפּונען;
אַ דאַנק דיר קאָלומבוס! — דיין וועג האָט באַגליקט:
איך האָב אויף אַן אמת דאָס גאָלד דאָ געפונען...

קאָלומבוס האָט איין קאָנטינענט בלויז אַנטדעקט
און צווישן די שטערן זיין נאָמען פאַרשריבן;
און איך האָב אַ וועלט דאָ אַ גאַנצע דערקענט: —
און דזשאָנגל פון שינאה — די וועלט פון דער ליבע...

# בענקשאַפט

עס ציילט נישט די בענקשאַפט קיין יאָרן,
ווי ס'וויל זיי נישט ציילן קיין פרוי...
כ'בין בענקענדיק גרוי שוין געוואָרן,
נאָר בענקשאַפט אין מיר ווערט נישט גרוי.

די צייט האָט מיין שטערן צעקאַרבט שוין
און דיינעם אין שאָטן געהילט;
עס האָבן שוין פרילינגס און האַרבסטן
פאַר אונדז אויפגעבליט און פאַרבליט.

די צייט האָט די בענקשאַפט אין בליקן
מיט אַש פון מיידאַנעק פאַרשטעלט;
האָט בענקשאַפט אויך דאָרט אירע בריקן
געשפּונען צום האַרץ פון דער וועלט.

ס'איז בענקשאַפט פון וועלטהאַרץ אַ פונק נאָר,
אַ גאָב צו דעם מענטש אויף דער ערד,
וואָס האָט אויך אין געטאָס, אין בונקערס
דעם ווילן אין הערצער גענערט.

ס'איז בענקשאַפט פון וועלטהאַרץ דער ציטער,
אין פיינלעכער פרייד פון באַשאַף;
אַ שימער, אַ זוניקער שפּליטער
אין בליק, אין פאַרטרערטן פון שקלאַף.

# מיראַזשן

דיין בליק האָט פון טיפסטן באַגינען־בלוי געטרונקען.
דיין שמייכל האָסטו פון קינדער־ליפּן אַראָפּגעקושט.
דיינע טריט האָבן אַרויסגעטאַנצט פון אַ בעטהאָוון־סאָנאַטע.

אַפילו דער אַלטער לאָגיקער, סאָקראַטעס —
אַטענס לויטערער שכל —
וואָלט, אַנשטאָט רעדעס אויף די רוישיקע געמאַרקן,
לידער פאַר דיר געזונגען.

דיין אַנבליק וואָלט — צו דלילהס פאַרדרוס —
אויך אַ בלינדן שמשונען שטאַרקן,
אים אַנגעקוואָלן מיט פרישער גבורה,
איינצוּוואַלגערן אַ נייעם געצן־היכל.

און אויב מיינס אַן איינציקע שורה
זאָל אַ שימער טאָן מיטן רייץ פון דיינע גלידער —
וואָלט זי פאַרבליבן דאָס ליד פון מיינע לידער!

# אויגן

כ׳האָב דעם פאַרהאַנג אויפגעהויבן
איבער דיינע אויגן־טרויבן —
פולע קידוש־בעכערס צוויי —
און פאַרשיכורט זיך מיט זיי.

כ׳האָב פאַרהויבן די וואַלן
איבער דיינע אויגן־קוואַלן —
און פון זייער קוואַליקייט
שעפּ איך פולע עמערס פרייד.

און איך פיל אויך אָן מיין לאָגל,
פאַר דעם גאַנג פאַרויס, דורך וואָגל,
זיך צו קוויקן מיט זיין וויין,
אַז דער גאַנג זאָל גרינגער זיין.

ווען דער לאָגל ליידיק ווערן,
נאָך אין מיטן גאַנג דעם שווערן —
איז אין דורשט אויך דאָ אַ טעם,
איז אין דורשט געַנוס פאַראַן...

ווען איך מיטן דורשט זיך קילן;
כ׳וועל דעם טרונק אין דורשט דערפילן,
ווי איך פיל דעם טעם אין ליד —
אויך אין אומרו פון געמיט.

# אַזאַ שמייכל

אַזאַ שמייכל איז אַ זאַלב צום טיפסטן צער;
אַזאַ שמייכל איז טליִענדיקער זשאַר
אויך אונטער האַרבסטיקן אַש־גרוי;
אַזאַ שמייכל פון אַ פרוי
איז אַ פלאַסטער צו יעדער מאַן־ווונד,
און שלאַכט פאַר זיין גליק.

אַזאַ שמייכל איז דער בונד,
די בריק —
פון געמיט צו געמיט.

אַזאַ שמייכל איז ליד —
אַן דעם ווערטער־גוף;
אַ רוף —
פון טיף צו טיף —
אין מיטן מידבר־פלאַך.

אַן אַנקער פון שיף —
אין צעשוימטן צייטברוויז;
אַ שטיל ווייס הויז —
ביים רוישיקן שליאַך
פון וועלט־יאַריד.

אַזאַ שמייכל איז צווייט —
אויפן שפּיץ דאָרן;
ער טאָגט אויף די קאַיאָרן;
בענקט אוים די פאַרנאַכטן.

אזאַ שמייכל אַ פּאָרטראַכטער
איז אַ שבת-ליכט,
אַ קדושה-פלעמל —
אין מיט פון וואָכעדיקן געזעמל;
אַ כישוף-שטריך
אין געמעל
פון ראַפאַעל...

# אומרו

כ׳קום מיט אומרו פון מיין וויגל,
פון מיין מאַמעס האַרטן שוים,
ווי דער פויגל קומט מיט פליגל
פון זיין ענגער נעסט אַרויס.

כ׳טראָג דעם אומרו אין די בליקן;
כ׳פיל אים אין מיין גאַנץ געביין. —
און אים — וואָלסט פאַרברענט די בריקן
צו דעם מענטש — צו זיך אַליין.

אָן דעם אומרו אין געמיט:
וואָלט קיין רויז זיך נישט צעדופטיקט;
ס׳וואָלט קיין בלימל נישט געבליט;
ס׳וואָלט קיין זאָמען נישט באַפרוכטיקט.

אָן דעם אומרו איז — אָן מיר:
כ׳וואָלט נאָך, ווי דער אורשטאַם מיינער
אינעם וואַלד, אויף אַלע פיר,
אומגעקלעטערט אויף די ביימער...

***

פון מיין הענגענדיקן וויגל
קום איך שוין: געשטראָפט-געבענטשט
מיט געוואַגטע אומרו-פליגל,
אין דעם ווייטסטן פלי — צום מענטש...

דעצעמבער, 1960.

# קיינמאָל נישט אַליין

ס'איז גוט צו פילן, אַז דיין האַרץ —
אַ דערפרייטס, צי אַ באַצערטס,
אַ צעזונגענס, צי אַ צעוויינטס —
קלאַפּט עס קיינמאָל נישט אַליין.

ערגעץ קלאַפּט אַ האַרץ מיט דיינעם,
אַ דערוויטערטס — דאָך אין איינעם;
ערגעץ רוישן די געבליטן
גלייך מיט דיינע, אין איין ריטעם.

ווייט? — וואָס ווייסט אַ האַרץ דערפון?
ס'וואַרעמט אויך פון ווייט די זון.
און דאָס בלינדע מענטשן-האַרץ
איז אַ פונק פון יענעם זשאַר,
וואָס גליט אייביק אין די רוימען,
איבער צייט און ווייטקייט-צוימען...

# פרילינגס־רעפלעקסן

אין אַלע מיינע בלוט-געפעסן
שטראָמט דער פרילינג אויף;
אַלע שטראָמען יאָגן רעשיק
צו דעם האַרץ אַרויף...

און זיי מאָנען און באַפעלן:
צעפרילינג זיך! צעבלי!
אויך דער טאָג באַנייט זיך ווידער
יעדן אין דער פרי.

זאָגסט: דיין פנים איז מיט קנייטשן
און דיין קאָפּ מיט שניי באַשיט? —
נאַרישקייט! — ס'איז בלויז אַ מאַסקע
אויף דיין נישט געקנייטשט געמיט...

שניי איז — ווייסע ווינטער-בליִונג,
קנייטשן — קנאָספּן פון פאַרשטאַנד;
אָפּגעקילט איז דאָס געפעס בלויז,
נאָר דאָס בלוט אין דעם — אַ בראַנד.

קיל זענען די ספּעקטן־שויבן
איבער ווינטערדיקן בלי,
אָבער אונטער זיי איז פרילינג —
אַרויסגעציימיקט אין דער טיף...

# ביז מאָרגן, וועלט!

אַ בוים שאָקלט אָפּ אַ לעצטן שטראַל
און הילט זיך אין שאָטן.

אַ פענצטער גיט אַ לעצטן ראָזעווון שמייכל
און לאָזט צניעותדיק אַראָפּ די ברעמען.

דער ים פאַרבייט זיין גאָלדקלייד אויף אַ זילבערדעק
און שעפּטשעט קריאת-שמע פאַרשלאָפן.

דער באַרגשפּיץ צירט זיין ווייסן קאָפּ אין אַ פּור-פּור-יאַרמלקע
און דרימלט איין.

דער טאָג זאָגט דער גאַנצער שאָטנדיקער ערד אַ פרידלעכן —
ביז מאָרגן!

ביז מאָרגן! — ענטפערן אין שקיעה: בוים, פענצטער, ים און באַרג —
אין איין טיף-שווייגנדיקן כאָר.

אויך מיין ווונדיק האַרץ, צעטריפט מיט שקיעה-בלוט, ענטפערט גלויביק:
ביז מאָרגן וועלט!...

# גוטפרילינג!

די זון האָט די שטאָטישע דעכער באַגילדעט;
און ס'האָבן זיך פייגל אויף דעכער צעטרילט.

צעטרילט זיך צעצווויטשערט אויף דעכער און דראָט
און האָבן דעם פרילינג צעוועקט אין דער שטאָט.

פרילינג אין גרויסשטאָט און טאַקע אויף דער וואָר:
מיט פורפור־פאַרנאַכטן און בלויען קאַיאָר.

מיט שטראַלן צעשאָטן אויף ציגל און שטיין —
און וווּנדער: אויך שטיין קען מיט פרילינג אויפגיין!

און פענצטער צעשמייכלטע, לויטער־צעגלאַנצט —
פלעכטן פון זוניקע שטראַלן אַ קראַנץ.

אַ זון אַ צעשטראַלטע אין איטלעכער שויב;
אויף יעדער געזימס אַ צעוואָרקעטע טויב.

אויף יעטוועדער שטאָטישן דאַך און באַלקאָן —
אַ לויטערע בלויע־צעפּעכערטע פאָן.

אַפילו דער שטאָטישער מענטש — אין געלויף —
פאַרגינט זיך אַ קוק טאָן צום בלויען אַרויף.

פאַרגינט זיך אַ קוויק־טאָן מיט גרינקייט פון בוים,
ביים אייגענעם פענצטער, ביים אייזערנעם צוים.

אַ בוים ביי זיין פענצטער?! — ווי איז דאָס געשען?
דאַכט זיך: דאָ קיין מאָל קיין בוים נישט געזען...

נו, דאָס איז דער נס פונעם פרילינג — כי טוב! —
ער עפנט ביי בלינדע די אויגן אויף...

# איינזאַמלונג

כ׳קום פון קאָרנטייג אָרוים,
פון אַ פּויערישן יחוס. —
היט איך תמימותדיק מיר אָפּ
גאָר מיין פּויערישע שליחות:

כ׳אַקער אויף אין צייט מיין פעלד,
ווי אַ פּויער אַ געטרייער,
ס׳זאָל חלילה נישט דער האַרבסט
טרעפן ליידיק שטיין מיין שייַער.

ווען עס וועט דער האַרבסטווינט בייז
פונעם בוים די בלעטער רייַסן,
זאָל אין שטוב זיין מעל אויף ברויט,
האָלץ, דעם אויוון איינצוהייצן.

זאָל אים וואַרעם זיין דעם האַרבסט
ביי מיין אויסגעהייצטן אויוון,
מעג דער רעגן און דער ווינט
וואָיען הינטער מיינע שויבן.

און איך בינד אוים סנאָפּעם שטרוי
פאַר מיין דעכל, פאַר מיין שיפן:
ס׳זאָל דער רעגן אויף מיין קאָפּ —
אויף מיין גרויען קאָפּ נישט טריפן...

# פון געמיט

איז צער אין דיין הארצן — לאָד אוים אים אין ליד,
ווי ס'לאָדט אַ ווולקאַן פון דער לאַווע זיך אוים;
ווי ס'לאָדט זיך אין בליץ אוים די לופט פון איר גלי —
אַזוי לאָד אין ליד אויך דיין צער־לאַווע אוים.

איז פרייד אין דיין הארצן — קוואַל אויף זי אין ליד,
ווי ס'קוואַלן אין פרילינג אויף כוואַליעס אין טייך;
ווי בארגיקע שטראָמען פון אונטער גראַניט —
אַזוי קוואַל דיין פרייד אויף, ווי כוואַליעס אין טייך.

איז טרוים אין דיין הארצן — זינג אוים אים אין ליד,
שטיל, ווי אַ מאַמע ביים וויגל — פון קינד;
צאַרט, ווי אַ ווינטל־געשעפטש אין געבליט —
און פיר אים צום וואָר, ווי אַ מאַמע איר קינד.

און אויב אין געפאַרן — רייס אויף מיט דיין ליד
די פלאַך פון דעם מענטשן, זיין שטייניקן שלאָף!
און בליץ אויף אַ פונק אין זיין טעמפּן געמיט —
וואָס זאָל אים אויפטאָגן פון שטייניקן שלאָף...

# אַ גרויער טאָג

אַ גרויער, פאַרכמאַרעטער טאָג.
די זון — אַ לעגענדע, נישט מער,
ווי זי וואָלט קיין מאָל נישט געווען,
קיין מאָל נישט געשיינט ביז אַהער.

עס הענגען די וואָלקנס אַראָפּ,
שווער־אָנגעלאָדענע, בייז.
און פּלאַצן מיט דונער און בליץ
און דראָען די ערד מיט פאַרפלייץ.

זיי מישן זיך אוים מיטן ים,
ווי פאַרן בראשית אַמאָל;
נישטאָ מער קיין נידער, קיין הויך,
נישטאָ מער קיין באַרגשפּיץ, קיין טאָל.

אַ חושך, אַ תוהו־ובוהו!
די לופט — אָנגעגאָסענער בליי!
נאָר הער: פון דעם תוהו ובוהו
שאַלט אַ געבאָט אויפסניי — יהי אור!...

# אין אַ בלויער כישוף־נאַכט

איז געגאַנגען די לבנה
אויף איר ווייטן נאַכטשפּאַציר,
האָט די נאַכט איר שטערנטיכל
אָנגעטאָן לכבוד איר.

האָבן בלויע הימלוועגן
זיך געשפּרייט פאַר איר מיט דאַנק;
און דער רעגן, פאַר איר כבוד,
האָט פאַרהאַלטן זיך אין גאַנג.

ס'האָבן בלאַנדזשענדיקע וואָלקנס
זיך באַזוימט מיט ווייסן צווייט;
ס'האָבן שפּיצבערג זיך באַזילבערט
אונטער דער לבנהס טריט.

שפּרייט ווער זילבער־טעפּעכער
איבער דעכער פון דער שטאָט.
און ווי אין אַ כישוף־מעשה
בליט מיט זילבער אויף דער סאָד:

זילבערעפּל, זילבערבאַרן. —
פרעג נישט קיינעם, נעם און רייס!
אין אַ כישוף־נאַכט אַ בלויער
איז נישטאָ קיין דיינס און מיינס...

לאָז דיין בליק די בלויקייט טרינקען,
גיס זי אין דיין האַרץ אַריין!
ביז דער כישוף וועט פאַרפינקלען
מיטן לעצטן שטערנשיין.

# שקיעה אויף דעכער

איבער דעכער ליגט דער הימל
בין־השמשותדיק־פאַרקלערט,
כאָטש אין שטאָט איז אויך דעם הימל
צופיל קלערן נישט באַשערט:

ס׳שטעכן הויכע טורעם־שפּיצן
אינעם הימל זיך אַריין,
רינט פון בין השמשות־הימל
איבער דעכער שקיעה־ווייַן.

ס׳שניידן עראָפּלאַנען־פליגל
אָקערן דעם הימל אויף;
שרויפן קוימענס פון פאַבריקן
שוואַרצע שרויפן רויך אַרויף.

גאָלדיק, גדלותדיק־צעגלאַנצטע
קלויסטער־צלמים, בראָנזיק־רויט,
פּיקן שטיקער לייב פון הימל —
פריש־פאַרברוינטן הייליק ברויט...

הענגט אַ וווּנדיקער דער הימל
איבער שטאָטישן פאַרנאַכט. —
איז דעם הימל גאָרנישט הימליש
אין גרויסשטאָטישן געמאַך...

אַ צעשניטענער אויף רעפּטלעך,
אויף געשפּיצטע טורעם־ציין. —
עך, נישט לייכט צו זיין אַ הימל
אין דער שטאָט פון שטאָל און שטיין!

# אַ פונקען־חלום

ס'איז אַ פונק פון מיעך געפלויגן,
קוים צום דאַך אַרויף דערצויגן;
נישט געוועזן צו הויך זיין פליִען,
נישט צו ליכטיק אין זיין גליִען.

דאָך, אין רגע פון זיין מיניען
האָט ער גלייך גענומען שפינען
גרויסע, ליכטיקע פאַרלאַנגען: —
ביז דעם הימל צו דערלאַנגען;

ביז דעם הימלס זילבער־פעכער.
און פון דאָרט — אַביסל העכער —
צו דעם מילכוועג זיך דערהויבן —
אויפצושטערענען פון אויבן.

האָבן שטערן צוגעווּנקען:
בלויז אין איינעם, פונק מיט פונקען,
קענען מיט דער צייט אויך ווערן
זונען גאַנצע אין די ספערן.

נאָר איין פונק אַליין, וואָס קען ער? —
נישט אַפילו דאַרע שפענער,
נישט קיין שטרוידאַך פון אַ שייַער,
קען ער צינדן מיט זיין פייער...

# פֿאַרשטעלט די זון

אַ ברייט, אויסגעגלאַנצט פענצטער אין קאַפּע;
אַקעגן — אַ צעגרינטער פּאַרק,
געטובלט אין בלויער לופט
פון זוניקן פרימאָרגן.

די ליפּן זייגן פון טעפּל קאַווע;
דער בליק זייגט זיך איין אינעם דרויסן,
פּרוּווט אַ טרונק טאָן פון זיין שיינקייט,
אָבער די שיינקייט דערגייט נישט צום געמיט:

אַ קליין, דאַר בעטלער־ייִנגל,
באָרוועס, פאַרוואָרלאָזט,
מיט אַ צעכראַסטעט, ברודיק העמדל —
האָט פאַרשטעלט דעם דרויסן...

דאָס גרינס פון פּאַרק איז געוואָרן אַשגרוי;
דאָס זונגאָלד — שוואַרץ;
די אויסגעגלאַנצטע קאַפּעשויב — פינצטער;
מיין געמיט — אויסגעלאָשן.

אַ קליין בעטלערקינד,
מאָגער, הויט און ביין;
איינער פון טויזנטער אויף דער הפקרגאַס —
האָט פאַרשטעלט די זון...

# טריט־סימפאָניע

יעדער טריט — אַ קלאַנג, אַ טאָן
אויפן שטאָטישן אַספאַלט:
ווען אַ טיפער טאָן — אַ באַס,
ווען אַ שפּילעוודיקער אַלט.

אַפּטמאָל — אַ פאַרבענקטער טאָן,
ווי אַן עכאָ, ווייט און לייכט,
וויגט זיך שטיל אין טאַקט פון טריט,
ווי אַ כוואַליע אויפן טייך.

טרעפּט: אַ בלאָנדזשענדיקער טריט
שאָטנט זיך אָן ווידערקלאַנג
ביי דער זייט פון טראָטואַר,
מיט זיין קלאַנגלאָזן געזאַנג.

און אַ טראָט — אַ פויקנהילך
אויפן שטיינער־טראָטואַר;
איז דאָס הילעכדיקע פרייד,
צי באַטויבנדיקער צער?

און דעם זקנס מידער טריט:
נישט ער גייט שוין, נאָר — דערגייט...
שווער צו שלעפּן אויף די פיס
אַזאַ לאַנגע יאָרנקייט.

און אָט — שוועבנדיקע טריט,
ווי זיי וואָלטן אויסגעטאַנצט
נאָר די יוגנטפרייד אַליין
אויפן אַספאַלטירטן גלאַנץ.

און די טריטלעך אין גאַלאָפּ:
קינדער־טריטלעך, פליגלפאָך,
שוואַלבן־פלאַטער אין דער מיט
פון שווערפּיסעדיקן תוך...

***

יעדער טריט — אַ קלאַנג, אַ טאָן
פון אַ מענטשלעכן געמיט,
אין דעם אַנאָנימען כאָר,
אין דעם כישופדיקן ליד.

# צום קינסטלער

די וואָס טרינקען נישט פון קוואַלן —
זאָלן מיטן שוים זיך קוויקן.
דו ביסט מיטן קוואַל געבוירן —
דאַרפסט דעם שטיין נאָר אָפּצורוקן.

ס׳פליסן אין דיין האַרץ צוויי שטראָמען —
קינסטלער, טרינק פון זייער ריינקייט!
אמת — איז דעם ערשטנס נאָמען
און דעם צווייטנס נאָמען — שיינקייט.

אייביק וועלן ביידע שטראָמען
פליסן אינעם ים פון צייטן;
ס׳וועט קיין זאַמד זיי נישט פאַרשיטן
און דער שוים זיי נישט פאַרבייטן.

ווי עס וועלן אויפן זונוועג,
טאָג מיט נאַכט אין זייער פליסן,
קיין איין טראָפּן ליכט מיט פינצטער
אינעם צייטכום נישט פאַרמישן...

# טרוימער

ס'קאַרבן זיך אַריין די יאָרן
טיף, עקשנותדיק, אין שטערן,
ווי דער אַקער פון דער צייט וואָלט
דורך מיט אַקסנטריט, מיט שווערע.

און די קנייטשן אויפן פנים:
מיילן-צייכנס; בייטשן שאַרפע. —
שפּילן אויף זיי אומרו-ווינטן,
ווי אויף סטרונעס פון אַ האַרפע.

נאָר די בליקן — פונקען-חלום.
נייגעריק, ווי ערשט-געבוירן,
ווי עס וואָלט די צייט איר שליסל
הינטער זייער טיר פאַרלוירן.

און דאָס האַרץ — אַ נעסט פון טרוימען;
פריש, אָן קנייטשן, דאָס געמיט איז.
אויך די אכזרן — די צייט — האָט
אויף די טרוימען נישט קיין שליטה...

# אויף סאַן מאַרטינס ערד

מיין וויגל איז דאָ נישט געשטאַנען;
מיין פרילינג האָט דאָ נישט געבליט;
נאָר דאָ האָט מיין זומער געגאָלדיקט,
מיין ווייץ אויפן פעלד אויסגעבריט:

מיין ווייצן בלאָנדהאָריקע טאָכטער,
מיין בראָנזן גאָלדהאָריקן זון. —
אַ פרוכט פון דור־דורות ירושה
און הייסער סוב־טראָפּישער זון.

און דאָ האָט מיין ליד זיך געצייטיקט
און דערנערדיק־בלומיקן בלי;
אַ קאַקטוס אויף פעלזיקע שפּאַלטן,
אַ קינד פון מיין אומרו און מי.

שנייד איך די פרוכט פון מיין זייען
דאָ, אויף דער ערד סאַן מאַרטינס,
וואָס האָט מיינע קערנער געצייטיקט,
מיין אייגענעם גאָרטן צעגרינט.

אמת: כ׳האָב דאָ נישט געפרילינגט,
נאָר דאָ האָט געזומערט מיין שניט
און האָט מיינע קערנער־ירושה
פאַר נייעם פאַרזיי אָפּגעהיט...

# זאָל זיך דאָס לעבן פאַרמערן!

## (אין הונדערטסטן געבוירן־יאָר פון שלום־עליכם)

עס האָט שוין דיין ייִדיש־קאַסרילעווקער לאַכן
אַוועקגעשפּאַצירט אויף אומענדלעכע שליאַכן:

דורך בויבעריק, העט, ביז די ווייטסטע מקומות!
און „טוביה" רעדט דאָרט אויף אַלע לשונות.

אין „מנחם מענדלס" צעפלויגענע פּאָלעס —
צאַפּלען זיך אומעטום מענטשלעכע דאָליעס.

זיי ווערן געשטרויכלט און שטייען אויף מונטער,
זיי פאַלן און — פאַלן ביי זיך נישט אַרונטער...

אין „מאָטל פּייסעס" געלעכטער דורך טרערן,
פינקלען שוין אַלע קינדער־באַגערן.

און ס'פלאַמען אויף טויזנטער הערצער און בליקן
ביים הערן דיין „סטעמפּעניו" שפּילן אַ „שטיקל".

אַלץ הייסט אַ „שטיקל"; אַלץ הייסט אַ שפּילן! —
אַ האַרץ פון אַ שטיין קען צעגיין פון געפילן.

און היינט: אינעם הונדערטסטן יאָר פון דיין ווערן,
קומען זיי אַלע אַהער דיך באַערן:

עס קומען אויף גיך דיינע „מענטשן" צו לויפן,
פון ווערקשטעל, פון קיך, פון שטאַלן און „הויפן". —

די אַלע, וואָס דו האָסט דורך לויטערן לאַכן
געלערנט די צרות זיי גרינגער צו מאַכן.

און ס׳איז דיין געלעכטער — להכעיס די יאָרן —
מיט יעדן יאָר מער, אַלץ יינגער געוואָרן.

מיט יעדן טאָג מער — אַלץ זאַפטיקער, בעסער,
טאַקע, ווי אמתער וויין אין די פלעשער!

טאָ, לאָמיר די כוסות היינט פולע אָנגיסן,
דעם טעם פון דעם וויין זאָלן אַלע געניסן!

און לאָמיר ביי פולע כוסות דאָ שווערן:
עס זאָל אויף דער ערד זיך דאָס לאַכן פאַרמערן!...

# אָבערקאַפּאָ אייכמאַן

אייכמאַן, נעבעך, האָט אַ ווייב!
אייכמאַן, נעבעך, האָט אַ קינד!
אייכמאַן: ביסט אַ נעבעך שוין,
אַז ווייַ צו דיר און ווינד!

ווי דערשראָקן ביסט עס, נעבעך!
ווייסטו נישט, אַז קריג איז — קריג?!
ביסט געוווינט צו לייכטע זיגן —
ווייַ צום זיגער און צום זיג!

זיגער איבער קליינע קינדער,
טייל נאָך אין דער מוטערס טראַכט;
האָסט געזיגט אין אַלע שלאַכטן,
נאָר נישט אין דייַן לעצטער שלאַכט!...

ס׳ליגט דייַן „הערן־שטאָלץ" צעטרעטן
מיט דייַן „וועלט־הערשאַפט" בייַנאַנד;
און דער לעצטער זיג איז אונדער,
דער טראָפּיי — אין אונדזער האַנט!...

און אין אונדזער ייִדיש הארצן —
טריפט אַ זעקס־מיליאָניק וויי! —
דאָס איז די „געשפּענסט־קאָמאַנדע",
די „נקמה־פּאָליצייַ"...

וועסט איר מישפּט נישט אויסמיידן —
האָסט שוין אויך צו־לאַנג געוואַרט!
עדות שטעלן מיר באַגלייבטע:
מאַסן־קבֿרים אין פּאָנאַר;

אַש און רויך פון קרעמאַטאָריעס,
וואָס פאַרשוואַרצט דעם בלויען רוים...

„יידן-זייף״ און „אבאזשורן״
און די דיקע געטאָ-צוים;

בערג אָנפּיסלדיקע שיכלעך,
וועלכע בענקען נאָך די פּיס, —
אָט-דאָס זענען זיי, די עדות —
אונדזער „אינטעלידזשענס-סערוויז״!

צוויי מיליאָנען קינדער הענטלעך —
פונעם אַש באַלעבט צוריק —
פלעכטן שוין פאַר די די תליות,
זעקס מיליאָנען תליה-שטריק.

נאָר אַ שאָד: דיין האַלדז איז איינער —
צו דיין טרפענע גליק און טרייסט!
ס׳וואָלטן קיין מיליאָנען תליות
אויך דיין זינד נישט אויסגעלייזט!

דאָך: אין אונדזער ים פון צער
איז אַ טראָפּן טרייסט אויך דאָ:
וואָס מיין פאָלק איז איצט דיין שופט —
אין דיין לעצטער שווארצער שעה.

וואָס אין זיין האַנט איז געגעבן
פון גערעכטער שטראָף די רוט;
כאָטש דיין שטראָף וועט נישט אויסלייזן
קיין איין טראָפּן קינדער-בלוט!

קיין איין צאַפּל פון אַ מאַמען
ביי איר טויט-פאַרפייניקט קינד! —
בלויז אין ימיק-טיפן צער
איז דאָס אויך אַ טרייסט אַצינד.

און אַ וואָרענונג צו אַלע
בלוט-שונאים פון יעקבס הויז:
אַז דער אַלטער עם-הספר
האָט שוין אויסגעשטאָלט אַ פויסט!...

יולי, 1960

# דאָס לעבן איז אונדז טײַער!

דאָס לעבן איז צו שיין מיר זאָלן עס צעטרענצלען!
בלויז צו זען אַיין זונאויפגאַנג — לוינט זיך עס צו לעבן,
מען דאַרף עס בלויז אַרויספירן אויף די גלייכע רעלצן;
און דעם ערשטן ריכטיקן שטויס פאָראויס עס געבן...

דאָס לעבן איז צו טייער, מיר זאָלן עס פאַרלירן;
דעם וועג צום לעבן אויסגעטרעטן האָבן דורות לאַנגע,
מיר זאָלן עס מיט אונדזער בלוט פונעם האַרץ באַרירן,
אַז עס זאָל אויף שטענדיק שוין אויפגיין מיט געזאַנגען.

דאָס לעבן איז צו מעכטיק, עס זאָל עס ווער דערדריקן;
עס שטראָמט פון אַלע טיפן אויף, עס פלייצט פון אַלע הויכן;
עס גליט אַרויס אפילו פון שטאַרבנדיקע בליקן...
פון דעם האַרטסטן פעלזנשפּאַלט זע איך עס אויפטויכן.

# אַהאַ, ווי איך בין זיי מקנא!

אויף יעדער טראָטואַר-שטיין פון שטאָט
צאַפּלט אַ צעטרעטן גליד פון מיין געפילסוועלט.
אין יעדן גלאַנציקן שויפענצטער צאַנקט אויס אַ שטראַל
פון מיין פאַרבענקטן בליק.
אויף יעדן גאַסנראָג פלאַנטערט זיך מיין וועלט פאַר די פיס
פון דער טומלדיקער טאָגטעגלעכקייט.

בלויז דאָס אַש פון מיין אויסגעברענטער בענקשאַפט,
דעם רויך פון מיינע פאַרשרפעטע אָוונטן,
דעם שוים פון מיין אויסגעזאָטן בלוט אין די געכט —
טראָג איך אין מיין האַרץ, ווי אין אַ נישע —
און מיט יעדן זונאויפגאַנג צוגלייך
ווערט מיין וועלט ווידער געבוירן פון איר אייגענעם אַש.
וויפל צעטרעטענע און פאַרשרפעטע וועלטן —
אַזוי פיל ניי-געבוירענע אין מיין האַרץ.

בין איך נישט מקנא די געבענטשטע,
וואָס האָבן קיין מאָל זייער וועלט נישט צעטרעטן:
זיי האָבן נאָך קיין מאָל זייער וועלט נישט געבוירן...
זייערע הערצער זענען פאַרשאָלטענע עקרות;
נישעם פון דער מאָמעס בויך אַרויס.

אָבער יענע, וואָס וועלן קומען נאָך מיר:
ווען געבוירן וועט נישט זיין באַהעפט מיט פאַרלוירן;
ווען באַשאַפן וועט נישט זיין באַגלייט פון צעשטערן;
ווען פלאַנצן וועט מען נישט פאַר צעטרעטן;
ווען געפילו וועלן נישט זיין קיין פאַרברעכן
און געפיללאָזיקייט — קיין טוגנט —
אָט,יענע בין איך מקנא!
— אַהאַ, ווי מקנא!

# אַן יאָרן

איך בין אַ זינגער אין דעם יינגסטן לשון
פון צעזונגענע לשונות אין דער וועלט.
מיין לשון — אַ געראָטן בן־זקונימל,
אַ ווינטערדיקע זאַנג אַזאַ אין פעלד.

אַ לשון, ווי פון קאָרנטייג געקנעטן;
פשוט, ווי די גרויע וואָך איז און געזונט;
אַ שפּראַך, וואָס קומט פון האַרץ און גייט אין האַרצן;
אַ תמימותדיקער לעקסיק, אָן אַ וואָרט פאַר שונד.

אַ לשון אַ געכשרטס אויף די שייטערס;
געטובלט אין פּאַגראָמען־בלוט און טרערן.
אין דעם זיידן מענדעלע פאַרשטאַמיקט,
מיט פרצישער וויזיע אויסגעשטערנט.

מיט קוואַליק שלום עליכמיש געלעכטער;
מיט ביאַליקיש־צעברויזטן „צער און צאָרן”;
מיט הירש גליקיש־פּאַרטיזאַנישער גבורה. —
אַ שפּראַך מיט אַלע מעלות נאָר — אָן יאָרן...

אַ בוים — אַ טיף־פאַרוואָרצלטער און שטאַמיק,
נאָר אָן אַ קנאָספּ; עקרהדיקע צווייגן.
נישט זינגען וועט מיין זון זיין פרייד אין יידיש,
זיין צער שוין אויך אין יידיש נישט אויסשווייגן...

# אַ פליגנפלי

(פאַבל)

אַ פליג אויף אַ שויב —
אַ ברעקל, אַ שטויב —
האָט געזען אַ טויב
אין לופט קרייזן.

דאָס באַווייזן
קענען נאָר מיר! —
זשומעט די פליג פאַריסן.

מיר,
דאַרפט איר וויסן,
מיינט אַלע בעלי-פליגל:

איך, דער אָדלער, די טויב,
אויך דער שטשיגעל.
דער קאַנאַריק אַפילו —
כאָטש אַ בעל-תפילה,
אָבער פאַרט, צו זיין לויב —
פון דער פייגל-מישפּחה.

פליִען פאַר אונדז —
איז אַ גאָר קליינע קונץ,
אַ קנאַפּע מלאכה!

בלויז איין ריר:
די פליגל אַ צעפיר,
אַ צעפּעכער —

און שוין אַריבער דעכער,
אַריבער וואָלקנס און העכער,
ביז גאָר, גאָר!

נאָר —
פון זאָגן ביז טון —
איז ווייט, ווי פון שויב
ביז דער זון...

גיי פעכער,
גיי שוועב,
אַז דאָס פליגן־פליגעלע אויף דער שויב —
אָט־דאָס שטויבעלע פון שטויב,
דאָס לויטעלע פון לויט —
איז גאָר צוגעקלעפּט
צו — אַ פינטל קויט...

און —
דער סוף פון
דער פליגס זעלבסטלויב?
—אַ פלעק אויף דער שויב...

# גראַמענשפּיל

ווערטער לײדיקע מיט גראַמען —
זענען בלויזע פעדער־שראַמען
אויפן פּנים פון אַ ליד.
ווערטער אָנגעגליטע — פלאַמען,
סיי מיט גראַמען, סיי אָן גראַמען —
זענען דיכטעריש געמיט.

פאַראַן גראַמען, וואָס באַטעמען;
גראַמען — גראַציעזע שוואַנען;
פליגל־פלאַטער פון אַ טויב.
און אויך גראַמען — באַראַבאַנען
אינעם זעלנערישן שפּאַנען,
וואָס פאַרטעמפּן, מאַכן טויב.

איך קען אויכעט ווייכע גראַמען,
ווי דאָס גלעטן פון אַ מאַמען
אויף די באַקן פון איר קינד.
און אויך אויסגעצירטע גראַמען —
אָפּגעליישטע מאָדע־דאַמען,
וואָס פאַרשווינדן מיטן ווינט.

און עס זענען אויך פאַראַנען
גראַמען — מעכטיקע ווולקאַנען,
פול מיט פייער אינעם שוים.
און אויך גראַמען פון אַ מאמין,
אויסגעטובלטע אין פלאַמען,
מיט די בליקן צום פאָרויס...

# געזאַנג צום מענטש

איך הייב אויף מיין פולן בעכער שטאָלץ
פאַר דעם נאָמען: מענטש!

פאַר דעם, וואָס ער האָט זיך אויסגעשיילט פון מאַלפּעפּעל,
און אַריין אין מענטשנהויט.

פאַר דעם, וואָס ער האָט זיין האָריזאָנטאַלן רוקן
אויפגעשטעלט ווערטיקאַל.

פאַר דעם, וואָס ער האָט זיינע פעדערשטע לאַפּעס
געגעבן דעם רגילות פון הענט.

פאַר דעם, וואָס ער האָט די ערשטע סטעזשקע אין דזשאַנגל
אויסגעטרעטן צו זיין מיטמענטש.

פאַר דעם, וואָס ער האָט די ערשטע קלאָטקע איבער אַ ריטשקע
צו אַ צווייטן ישוב פאַרוואָרפן.

פאַר דעם, וואָס ער האָט אין אַן אויסגעהוילטן קלאָץ דעם ים איינגענומען
צו אַ צווייטן קאָנטינענט דערגרייכט.

פאַר דעם, וואָס ער האָט דאָס שטומע רעווען
אין שפּראַכזילבן אויסגעקלונגען.

פאַר דעם, וואָס ער האָט טויטע צייכנס
אין לעבעדיקער שריפט געקייטלט.

פאַר דעם, וואָס ער האָט דעם לא־תרצח!
אין אַ געבאָט פאַרהייליקט.

פאַר דעם, וואָס ער יאָגט איבער די שנעלקייט פון קלאַנג
צו באַפעלקערן די פּלאַנעטן.

פאַר דעם, וואָס ער וועט נאָך אָניאָגן די שנעלקייט פון ליכט
צו באַוווינען די שטערן.

פאַר דעם, וואָס ער וועט נאָך דורכן דזשאַנגל פון מענטשן־שינאה
די מענטשן־ליבע דערגרייכן.

*
**

איך טרינק אויס מיין פולן בעכער שטאָלץ
פאַר דעם מענטש!

# אברהמל דער קלעזמער

**(וואַריאַנט)**

### א

כ׳זע, ווי היינט, די ווינטער־נאַכט:
טיר און פענצטער צוגעמאַכט,
אין די שויבן בלענדט דער שניי
און לבנה שפּילט אין זיי.

נאָר עס שרעקט נישט פראָסט און שניי:
ס׳איז דער בוידעם פול מיט היי,
אונטן — פריזבעס ביי די ווענט
און דער אויוון אויסגעברענט.

איז אין שטיבל וואַרעם, שטיל,
בלויז אין אויוון גרילצט אַ גריל;
און דאָס לעמפּל אויף דער וואַנט
וואַרגט זיך מיט דער היץ און צאַנקט.

און די ווינטער־נאַכט איז גרויס! —
האָט די באָבע שוין אין הויז
אַלץ פאַרוואַשן און פאַראַמט,
אויסגעשיט דעם דיל מיט זאַמד.

זעצט די באָבע זיך אַצינד
צו דעם שפּינדל און זי שפּינט;
און, ווי פון דעם פלאַקס אַרויס —
שפּינט זי וווּנדער־מעשיות אויס.

איז פון יענער נאַכט פאַרשפּונען,
אַט־די מעשה, אין מיין זינען,

אין מיין זינגענדיק געמיט —
שפּין איך זי איצט איין אין ליד:

ב

ס'איז געווען אַ פּיצל שטעטל,
צווישן שטעטעלעך — אַ שרעטל;
קליינע הייזקעס, געסלעך קרומע,
יִדן — בערדיקע און פרומע.

זיצן טייל אין קלויז ביי ספרים;
ווייבער פירן די מסחרים,
קרעמערן אין מאַרק און — קינדלען...
און עס וואַקסן די געזינדלען,

קיינעהאָרע, מיטן דלות;
וואַקסן מיידלעך — ווערן כלות,
יִינגלעך — לערנער, ווויל-קענער —
ווערן מאַנצפאַרשוינען מענער.

שטעלן חופּות רייך און אָרעם;
און עס שפּילן די קלעזמאָרים
ביי דעם קבצן, ווי ביים רייכן. —
ס'איז אַפילו נישט קיין גלייכן

צווישן אַטלעס, זייד און סאַמעט,
ביז דעם וואַסערטרעגערס מעמד,
ביז אַ פּראָסטער ריפּסן-יופּע. —
נאָר אַ חופּה — איז אַ חופּה!

און קלעזמאָרים, וואָס זיי זענען,
נאָר אַ חתונה באַשיינען
ביי אַן עמך — זייערם גלייכן —
זעט מען דאָס נישט ביי קיין רייכן...

דאָרטן, צווישן די קלעזמאָרים,
צווישן קליינע הייזקעס — קברים...

ווייט פון מארק, פון לעצטן קרעמל —
וואָינט דער קלעזמער־יונג, אברהמל.

ג.

אַ קלעזמער, ווי אַלע. אַ פּשוטער ייִדל. —
אָבער אַ פידל — שוין איינמאָל אַ פידל
איז ביי אברהמלען דעם קלעזמער געווען!
ווער ס'האָט אים שפּילן געהערט און געזען,

פלעגט זיך גאָר זאַט אָפּלויבן נישט קענען;
ס'פלעגן די אויגן ביי אים זיך צעברענען,
ס'פלעגן די סטרונעס ביים האַרצן אַזש גלעטן. —
מען פלעגט אים אויף פריצישע חתונות בעטן!...

דאָס שטעטעלע אָבער איז נישט צופרידן!
עס מורמלען אין שטעטל די עלטערע ייִדן:
„נישט אַנדערש — אַ כישוף נאָר שטעקט אינדרינען!"
און פלעגט מען זיין שטיבל פאַרבייגיין באַגינען,

פלעגט מען די אייגענע אויערן נישט גלויבן:
ס'הערט זיך פון שטיבל דאָס וואָרקען פון טויבן,
דאָס טרילען פון פייגל־קאַפּעליעס באַגינען. —
נישט אַנדערש — אַ כישוף נאָר שטעקט אינדרינען...

***

דאָ ווערט אַ ווײַלע אַנטשוויגן די באָבע,
וואַרפט צו אַ שייטעלע האָלץ אין דער הרובע,
ווישט מיטן פאַרטעך פאַמעלעך די ברילן
און ווידער דערציילט זי מיט ווערטער, מיט שטילע:

ד.

איינמאָל, געווען איז אַ זומער אַ הייסער,
געגאַנגען זיך שלאָגן איז דעמאָלט דער קייסער;
כ'ווייס: מיט די טערקן, צי גאָר מיט קיטײַ,
נאָר ווען מען שלאָגט דאָרט — אַז אָך און אַז ווײַ!...

שלאָגט זיך דער קייסער — אַ דאגה מיט וועמען!
הייבט מען אין שמועטל אָן זעלנער צו נעמען;
נעמט מען אברהמלען אַוועק אין מילחמה,
בלייבן אין שטעטל, נאָר אַלטע און לאַמע.

זיפצט מען אין שטעטל, מען וויינט און מען קלאָגט!
אברהמל האָט אָבער אַ פידל פאַרמאָגט,
לייגט ער דעם פידל אַריין אינעם זאַק —
און לאָזט זיך מיט אַלעמען גלייך מיטן טראַקט.

וואָס וועט אברהמל דאָרט טאָן מיטן פידל? —
שפילן די טערקן אויף טערקיש אַ לידל —
לאַכט מען אין שטעטל, אַז וויי צו דעם לאַכן!
עס ליגן אין קאָפּ נאָך אַזעלכע זאַכן...

ה

אַוועק איז אברהמל — פאַרפאַלן געוואָרן! —
קיין באַן נישט געוועזן אַמאָלסטיקע יאָרן,
פלעגן די זעלנער זיך שלעפּן צופוס,
שווערע באַלאָדן מיט ביקס און מיט שפּיז.

ס'צאַנקט שוין דער זומער, דער טאָג איז נאָך הייס,
אין אָוונט, די פּרעסטעלעך — שטעכיקע, בייז;
גייט מען בייטאָג, ווען די זון איז צעגליט,
פילט מען: דאָס זאַמד אין די טריט, ווי עס בריט,
ביינאַכט, אינעם הוילן שינעל אויפן פעלד,
פילט מען: די ביינער אַזש קנאַקן פון קעלט.

ו

שווער איז דער גאַנג און דער וועג אַזוי ווייט!
ס'האָבן די עלצטע די טריט צוגעאײלט:
דער שמיץ פון דעם עלצטנס נאַהייקע איז שאַרף...
איז מען געקומען אַהין, וווּ מען דאַרף.

געקומען שוין נאָענט פון טערק, צי קיטײַ;
ביקסן שוין גרייט, אָנגעלאָדן מיט בליי;

פערד אַנגעזאָטלטע, שטייען שוין גרייט;
עס ציט שוין דער עלצטער די שווערד פון דער שייד.

וואַרט מען נאָך בלויז אויפן לעצטן באַפעל:
שוידערט דאָס לייב אינעם גרויען שינעל;
געזעגנט אין הארצן יעדער זיין היים,
זיין ווייב און זיין קינד, דאָס שטיבל פון ליים.

די אייגענע היים איז ליב יעדן איינעם!
אברהמל דער קלעזמער האָט אָבער נישט קיינעם:
ער האָט נישט קיין קינד און ער האָט נישט קיין ווייב;
ער האָט בלויז אַ זעלנעריש העמד אויפן לייב,
אַ ביקס און אַ פידל און — גאָרנישט-נישט מיין!
פילט ער: אין הארץ ביי אים דריקט, ווי אַ שטיין!

עס נאָגט אים אַ בענקשאַפט — ער האַלט עס ניט אויס!
נעמט ער דעם פידל פון זעקל אַרויס,
אַ צי מיטן סמיטשיק, אַהער און אַהין —
צעוויינט זיך זיין פידעלע, דין, אַזוי דין!
נישט, ווי קיין פידל, נאָר קינדער-געוויין —
אַזוי קענען וויינען נאָר קינדער אַליין!
און ס'לאָזט דאָס געוויין אַלץ שטאַרקער זיך הערן —
הייבט אָן דער הימל אויך גיסן מיט טרערן!

פילט זיך מיט טרערן דער שוצגראָבן אָן;
פאַלט פון דער האַנט ביי דעם זעלנער די פאָן;
שמעלצן אין ביקס זיך די בלייענע קוילן;
יאָמערט דער ווינט אינעם סטעפּ, אינעם הוילן!

ליגן די זעלנער און הערן זיך איין:
דערקענט יעדער זעלנער אין פידל-געוויין,
באַגלייט פונעם סטעפיש-צעהפקרטן ווינט: —
דאָס קול פון זיין אייגענער היים, פון זיין קינד...

ז

און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דאָס געוויין —
צעברעכט יעדער זעלנער זיין שפּיז אָן אַ שטיין!

לאָזט ער דעם פּולווער אַוועק מיטן ווינט
און לאָזט זיך אַהיים צו ווייב און צו קינד.

ה

און זעלנער מיט זעלנער, שונא מיט פריינט,
האָבן געקושט זיך, דורך טרערן געשיינט...
די זון האָט די זעלנער אין שטראַלן געהילט.
און אברהמל דער קלעזמער האָט דעמאָלט געשפּילט! —

ס'האָט קיינמאָל זיין פידל אַזוי נישט געטרעלט!
נישט נאָר די זעלנער — דאָס גראָז אויפן פעלד,
דער טרוקענער דאָרן אין סטעפּ און דער שטיין —
אַלץ האָט געטאַנצט דאָרט, פאַר פרייד אַזש געוויינט!...

# תפילת הדרך

וואָלט זיין פון וועמען צו פאַרלאַנגען
און אַ טיר זאָל ערגעץ פירן —
וואָלט איך נייע תפילה־קלאַנגען
אויף אַ שקיעה־שטראַל געשנירלט.

און דאָס שנירל תפילה־פערל —
לויטער ניגון, אָן שום ווערטער —
שיקן דעם, וואָס דאַרף דערהערן,
דעם — וואָס וויל זיין אַ דערהערטער.

און כאָטש איין פאַרלאַנג אַ פרומער
פון מיין תפילה זאָל דערהערט זיין:
אַז דאָס ליד מיינס אויף מיין גומען
זאָל נישט פאַר דער צייט פאַרצערט זיין.

ווען עס וועט מיין טאָג אויסרינען —
מיטן חלום פון די אויגן —
זאָל מען מיך ביים ליד געפינען,
ווי דעם קריגער ביי זיין בויגן.

ווי מען האָט דעם מלך שאול
אין זיין לעצטער שלאַכט געפונען,
אויף דער הייך פון הר גלבוע —
מיט זיין שווערד אַרומגענומען...

## פון מחבר:

אויב אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט אַרויסצוגעבן אַ בוך איז אָפּטמאָל בלויז אַ פּסעוודאָנים פון מחבר אַליין — איז אין דעם פאַל אַנדערש.

און אָט־די אַנדערשקייט האָט מיך באַוויגן צו די פּאָר שורות, אַדרעסירטע צום קאָמיטעט, וועלכער פאַרענדיקט זיין אויפגאַבע אין דעם מאָמענט, ווען די עטלעכע און אַכציק לידער — דער שניט פון די לעצטע 10 יאָר, שוין פון מיין האַרבסט־פּאַרזיי — זענען איינגעזאַמלט געוואָרן צווישן די טאָוולען.

דער דאָזיקער קאָמיטעט איז פּאַטראָניזירט פון דער קולטור־געזעלשאַפט „רינגעלבלום״ און פון מיין לאַנדסמאַנשאַפט, „כעלם־רייוועץ און אומגעגנט״. די אויסגערעכנטע אינעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט זענען מיטגלידער פון די ביי־דע אינסטיטוציעס און טייל — קאָלעגן שרייבערס, קינסטלערס — אויסער די אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן זייער באַציונג מיטן באַטייליקן זיך אין בוך־קאָמיטעט.

וויל איך מיט אָט־די שורות אויסדריקן מיין אויפריכטיקן דאַנק און אָנערקע־נונג אַלע באַטייליקטע אין קאָמיטעט און ספּעציעל דעם פלייסיקן פּרעזידיום פאַר דער אָפּגעטוענער אַרבעט; פאַרן דערמעגלעכן, אַז מיינע ווונדיקע טריט אין גאַנג **צום מענטש**, במילא — צום **יידישן מענטש** — זאָלן דורך מיינע פערזן דערהערט ווערן פון דעם מיטשאַפער — **דעם מענטש־לייענער.**

פון דעם דאָזיקן לייענער וועמעס קרייז עס ווערט,ליידער, אַלץ מער איינ־געשרומפּן אינעם יידישן־יידיש־וועלטל.

אַ ספּעציעלן דאַנק בין איך שולדיק דעם חבר י. פּילץ פאַר ברענגען די אי־ניאַציאַטיוו אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך צו דער „רינגעלבלום״־געזעלשאַפט.

דעם חבר חיים פינקעלשטיין — פאַר שטאַרקן די הענט פון די צוגעשטאַנענע.

## געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט, פּאַטראָניזירט פון קולטור-געזעלשאַפט „רינגעלבלום״ און פאַרבאַנד פון כעלם־רייוועץ און אומגעגנט

אַרויסצוגעבן דאָס בוך לידער „צום מענטש״ פון דיכטער שניאור וואַסערמאַן
און צו פייערן זיין 60סטן יובילײ

### באַטייליקטע אינעם קאָמיטעט:

יעקב קרייצער — פּאָרזיצער

מאיר דרעקסלער — סעקרעטאַרן
יאָנאַס שעיער — סעקרעטאַרן

יידל גאָלדפאַרב — קאַסיר

חיים פינקעלשטיין
יוסף מענדעלסאָן
ברוך האַגער
ד״ר ל. זשיטניצקי
אברהם מאָשקאָוויטש
ישראל טריסקער
מנשה וואַסערמאַן
יצחק ביסטראָוויטש
מאַטעס גאָלדפאַרב
זישע גאָלדוואַסער
דאָראַ ווינדלער

יעקב דענקער
מענדל ליפשיץ
י. פילץ
מאַקס בערלינער
בערנאַרדאָ פייער
משה דרעקסלער
פריץ שפערלינג
יהודית מאָרעצקאַ
פאַניע קאַרדונער
מעכל גוטמאַן
מאַניס צעדערבוים

**ביכער פון זעלביקן מחבר:**

קינד און קייט — — — — — — — — 1936

שוועלבעלעך — — — — — — — 1938

דאָבעלע — — — — — — — — — — 1946

ליד און לעבן — — — — — — — 1951

# אינהאַלט



## I

## צום מענטש



## II

## מיטן פאָלק

## III

## וואָרצלען



## IV

## נאָענטע ווייטן



## V

## כי טוב

## VI

## ביז מאָרגן וועלט

SZNEIER WASERMAN

# AL HOMBRE

POESIAS

BUENOS AIRES

1962